יוגנט - ביבליאָטעק

י. ל. פּרץ

פאָלקסטימלעכע געשיכטן

1

# מסירת נפש

*

פאַרלאַג „שול און לעבן"

יוגנט-ביבליאָטעק

י. ל. פּרץ

*

# פאָלקסטימלעכע געשיכטן

1

## מסירת נפש

באַרבעט פאַר יוגנט / פערטע און פיפטע טויזנט

פאַרלאַג „שול און לעבן“ וואַרשע 1922

מיט דורות צוריק האָט גע׳שמ׳ט אין צפת אַ ייִד — אַ גביר און אַ גרויסער בעל־מזל, וואָס האָט געהאַנדלט מיט צירונג און אַלערליי אבנים טובות ומרגליות. און געהאַט האָט ער זיין אייגנס אַ פּאַלאַץ, וואָס האָט אַרויסגעקוקט מיט ליכטיקע פענסטער־אויגן אויפ׳ן ים־כנרת; און אַרומגערינגלט האָט דעם פּאַלאַץ אַ גאָרטן אַ גרויסער, מיט אַלערליי גלוסטיקע ביימער, מיט כל המינים פּירות און זינגענדיקע פייגל, און מיט אַלערליי שמעקעדיקע קרייטעכצער און אַנדערע געוויקסן.

און געהאַט האָט דער גאָרטן וועגן ברייטע, אויסגעשיטע מיט גאָלדענעם זאמד, און די ביימער איבער די וועגן האָבן זיך אין דער הייך צוזאַמענגעטראָפן מיט די קרוינען, און צוזאַמענגע־פלאָכטן און פאַרשאָטנט די וועגן.

און סוכות זענען צעזייט און צעשפרייט געווען אויף אַלע עקן פון גאָרטן צום אָפּרוען, און וואַסערלעך, איבער וועלכע די טייערסטע ווייסע גענז זענען אַרומגעשוואומען, האָבן געגלאַנצט ווי די שפיגלען.

און געהאַט האָט דער ייִד זיינע אייגענע אייזלען און קעמ־לען צו פאָרן איבער דער מדבר; און אַן אייגענע שיף מיט אייגענע שיפס־לייט און אַ שיפס־קאַפּיטאַן — צו פאָרן אויפ׳ן ים...

און דער ייִד האָט זיך משדך געווען מיט רבנים, ראשי־ישיבות און אַזוי גאונים פון בבל און ארץ־ישראל, און האָט אַוועקגעשיקט די קינדער למקום תורה. און מיט דער צייט איז ביי אים געבליבן נאָר די ייִנגסטע טאָכטער מיט׳ן נאָמען שרה דאָס געליבטע בוזיניקל, וואָס ער האָט געהיט, ווי דעם שוואַרץ־אַפּל פון אויג. די שרה איז געווען אַ גרויסע יפה־פיה, און אַ לב טוב, און אַ מזג טוב — אין לשער.

און פאַר די בת יחידה האָט ער זיך אַראָפּגעבראַנגט, פון נשיא פון בבל׳ס ישיבה, אַ טייערע כלי, מיט׳ן נאָמען חייא.

באַזעצט זיך דער חייא ביים שווער אין צפת — על התורה ועל העבודה...

נישט לאַנג אָבער האָט זיין מנוחה געדויערט; דער שווער, דער אַלמן, איז אַ צייט נאָך חייא׳ס חתונה נפטר געוואָרן. דער ייִנגער מאַן האָט געמוזט איבערנעמען די גרויסע עסקים און מאַכן נסיעות איבער ווייטע מדינות. און ער איז געוואָרן אַ גרויסער כוחר פון די גרעסטע אויף דער וועלט.

דאָס האָט אָבער אים, חלילה, צו ביטול־תורה נישט געבראַכט.

דאָס קעמל, אויף וועלכן ער איז געריטן איבער דער מדבר, האָט עמיץ פון דער קאַראַוואַנע ביים ציימל געפירט, און ר׳ חייא האָט נישט אַרויסגעלאָזט דאָס ספר, וואָס ער האָט געהאַלטן, פון האַנט, און נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון ספר.

און אין שיף האָט ער געהאַט אַ חדר מיוחד, וואו ער איז געזעסן ביחידות און עוסק געווען בתורה.

און ער האָט נאָך אפילו געפונען צייט צו לערנען זיך שבע חכמות ביי די אַלטע שײַכן, מיט וועלכע ער פלעגט זיך טרעפן אויפ׳ן וועג, ווי הכמת הרפואה, שיחת חיות ועופות וכדומה...

און אַ בעל־צדקה איז ער געווען, אין לשער ואין לספר. ובכל מקום בואו — וואו ר׳ חייא האָט זיך ערגעץ אָפּגעשטעלט אין

קהילה—האָט ער קודם כל מפריש געווען מעשר-עני פון ריוח אויפ'ן וועג, אחוץ פדיון שבוים.

און אַזוי פלעגט ער אויך טאָן גרויסע טובות דעם כלל ישראל.

וואָרים דער מסדר מיט אבנים טובות ומרגליות האָט אים מקרב געווען צום מלכות מיט אירע שרים. און מיט'ן שענקייט און ערלעכקייט, און אפשר מער נאָך מיט זיין חכמה, האָט ער שטאַרק נושא-חן געווען אין זייערע אויגן, און זיי פלעגן אין אים אמונה האָבן, גלויבן לכל היוצא מפיו, און אַלץ צוליב טאָן...

פלעגט ער זיין אַ שתדלן און אַ מליץ יושר על כל צרה שלא תבא... און ברוח פיו האָט ער מבטל געווען בלבולים נוראים: אַרויסגענומען פון תפיסות, באַפרייט פון מלקות און קיי-טן; און בישט איינמאָל און אין דער לעצטער מינוט, — פון תלין'ס הענט.

און איבער דער צייט, וואָס ר' חייא איז געווען אַ מהלך בדרך, פלעגט שרה די צדיקת ממלא מקומו זיין אין דער היינו אין צפת לכל דבר שבצדקה, ווי עס פאַסט פאַר אַן אמת'ער אשת-חיל. און ר' חייא האָט זיך אויף איר פאַרלאָזט און איז זיכער געווען, אַז דער הונגעריקער, וואָס וועט אַריינקומען אין זיין הויז, וועט אַרויסגיין אַ זאטער; און דער דאָרשטיקער — אַן אָנגעטרונ-קענער. ווי אויך, אַז זי וועט זייער בת יחידה, מרים, מגדל זיין לצדקה ולמעשים טובים און מדריך זיין אין כשר'ן וועג.

וכך הוה: דער פאַלאַץ איז שטענדיק פול געווען מיט אורחים און אָרימע לייט. און תלמידי חכמים, רבנים און ראשי ישיבה, וואָס פלעגן אַרויסגיין לחוץ לארץ וועגן צרכי הצבור און צוריק-פאָרן, האָבן זיך, אַהין-צו-וועגס, ווי צוריק-צו-וועגס, אָפּגעשטעלט— אַזוי פלעגט מען שוין זאָגן — ביי ר' חייא'ס ווייב, און זי פלעגט זיי מקבל זיין בסבר פנים יפות און שפייזן מיט אַל-דאָס גוטס, און פלעגט נאָך פאַרלאַנגען, זיי זאָלן אַרויפלייגן זייערע הענט אויף דער בת יחידה'ס קעפעלע און בענטשן זי מיט מזל...

און די ברכות האָבן אָנגעהויבן מקוים צו ווערן: ד'י איינ־ציקע טאָכטער מרים איז געווען אַן אויסטערליש גערעאָטן קינד, אַ ברכה פון זיין ליבן נאָמען. און גאַנץ צפת פלעגט זיך בענטשן מיט איר, מען זאָגט: „חייא'ס טאָכטער לייכט ווי די זון", „איז קלאָר ווי דער טאָג"; „עס ליגט אויף איר אסתר המלכה'ס חן וחסד"; און זי איז ווירקלעך געווען אַ יפה־פיה — די מוטער אויס'ן אויג.

זענען דאָך אָבער גאָטס דרכים נישט צום פאַרשטיין: פאַלט פלוצלונג שרה די צדיקת אַוועק. ר' חייא באַקומט די בשורה־רעה אויף אַ ווייטן וועג. פילט ער, אַז עס איז שלעכט, וואַרפט ער אַוועק אַלע עסקים און לויפט אהיים איבער טאָל און איבער בערג, מדבריות און ימים. באַגעגענען אים אַלערליי מניעות. פאַלן אונטער אים אין מדבר אייזלען און קעמלען פאַר דאָרשט; שטורם־ווינטן ווילן אים צעשלאָגן דאָס שיף אויפ'ן ים. — האָט ער אָבער גובר געווען אַלע מניעות און איז אַהיים געקומען בשלום... האָט ער אָבער שוין געטראָפן די צדיקת שרה כמעט ביי יציאת נשמה... נאָר ווי די צדיקת האָט אים דערזען, האָט זי זיך געשטאַרקט און אויפגעזעצט אויפ'ן בעט, און דרייט זיך איבער צו ר' חייא'ן, און טרייסט אים און איז אים מבטיח, אַז זי איז מקבל די יסורי־מות באהבה... און רעדט מיט אים נאָך אַ וואָרט וועגן דער בת יחידה מרים, וואָס מען האָט אַרויסגעפירט אַ פאַר'חלש'טע... און ר' חייא זאָגט איר צו, אַז ער וועט זיין פאַר איר אי אַ טאַטע, אי אַ מאַמע; אַז קיין פרעמדע הענט וועלן דאָס יינגע ביימעלע נישט בייגן, נישט קרימען, נישט, חס ושלום, ברעכן...

און באַלד נאָך שלושים האָט ר' חייא, אָן אַ רגע ישוב הדעת, מיט אַמאָל אָפּגעשניטן פון אַלע מסחרים, פאַרקויפט די פערל און בריליאַנטן און אַלערליי אַנדער צירונג כמעט בחצי חנם, און האָט זיך באַזעצט במנוחה על החירה והעבודה אין צפת... און אין פאַלאַץ זיינעם האָט ער זיך געעפנט אַ ישיבה, און האָט אויסגע־

זוכט און פאַרזאַמלט אין איר פון צפת און פון דער סביבה אַלע בחורים — וואויל־לערנער, און האָט געזאָגט פאַר זיי, וואָס גאָט גיט אַ טאָג, דעם שיעור. און זיי האָבן דאָרשטיק געטרונקען זיינע רייד, און די אָרימע בחורים פון צווישן זיי האָט ער גאָר אינ־גאַנצן אויף זיך גענומען און זיי אויפגעהאַלטן ביי זיך אין פּאַלאַץ, צו צוויי און צו דריי בחורים אין אַ חדר מפואר. און האָט זיי מפרנס געווען בעין יפה. און האָט זיי מלביש ומגעיל געווען כבני הגבירים — פאַרזאָרגט אפילו מיט קליינגעלד.

און אַז אַן אָרים־בחור איז געקומען צו שמונה־עשר־לחופה, פלעגט ר׳ חייא שיקן נאָך שדכנים און אויסקלויבן אים אַ שידוך מיט קעסט און אָנהאַלטעניש, לפי כבודו ומעלתו, און פלעגט געבן נדן, הלבשה ומתנות, און פלעגט אַליין פירן צו דער חופה, נאָך דער חופה משמח זיין חתן־כלה כדת וכדין. און וואָט אָנבאַלאַנגט זיין טאָכטער מרים, האָט ער געהאָפט, אַז עס וועט זיך אים טרעפן גאָר אַ כלי יקר—טאַקע, ווי מען זאָגט, פאַר גאָט און פאַר לייט.

---

ווי אַזוי אָבער זוכט מען?

אַ מענטש — פלעגט ר׳ חייא זאָגן — וואָלט לייכט געווען צו דערקענען אין די אויגן... די נשמה אין גוף זיצט, ווי אין תפיסה; האָט דער בורא עולם, מיט זיין גרויס רחמנות, געעפנט דער נשמה אין דער תפיסה צוויי פענסטערלעך, דאָס זענען די אויגן פון אַ מענטש, זי זאָל דורך זיי אַרויסקוקן, זען די וועלט, און לאָזן זיך דערקענען דער וועלט! וואָלט מען אין די אויגן יעדן דערקענט, האָט אָבער אַ מענטש פאַרהענגלעך צו די פענסטערלעך — ברעמען, מיט וועלכע ער קאָן זיי פאַרשטעלן... און אַ מענטש, וואָס האָט אַ נשמה מיט אַ פגם, באַהאַלט ער זי, און ווען די נשמה וויל זיך באַווייזן, לאָזט ער די פאַרהענגלעך אַראָפ; כלומר׳שט פאַר עניוות...

לייכטער—זאָגט ר׳ חייא—וואָלט שוין געווען צו דערקענען

אַ מענטש אינ'ם קול. אין דעם האָט ער געהאַט זיין אייגענע שיטה:
אַ מענש,—פלעגט ער זאָגן, וואָס איז נישט גאַנץ, קאָן האָבן אַן אויבער-קול, אַן אונטער-קול, אַ ביי-קול, אַ צעשפּאָלטן קול, אַ צי-טערדיק קול, אָבער נישט קיין ריינעם, קלאָרן קלאַנג; קיין ריכט קול האָט ער נישט! און אַז ער האָט נישט זיין אייגן קול, מאכט ער נאָך אַ פרעמד קול... טוט ער ווי אַ פּאַפּוגיי! דו הערסט אַמאָל פון ווייטנס אַ קול, מיינסט, דער און דער פויגל, און אַז דו קומסט צו — אַ נאָכגעמאַכט קול, אַ פּאַפּוגיי...
לויט דער שיטה פלעגט ר' חייא זיך נוהג זיין אַזוי:
דעם שיעור פלעגט ער זאָגן פאַר וואַרימעס; און אַ פּאָר שעה פאַר מנחה פלעגט ער אַרויסלאָזן די תלמידים אין גאָרטן אַריין: זאָלן זיי מטייל זיין אין שאָטן פון דיביימער, טועם זיין פון זייערע פירות און אַ ברכה מאַכן, און אויך נהנה זיין פון די ריחות פון אַלערליי קרייטעכצער, און שפּאַצירנדיק, איבער'חזר'ן דעם שיעור בעל-פה, אָדער גלאַט רעדן פון תורה; אפילו שיחת רעים איז אויך קיין סכנה נישט... און ער פלעגט זיך דעמאָלט מתבודד זיין אין זיין חדר, און לערנען סתרי תורה... און זיין חדר האָט געהאַט אַ פענסטער אין גאָרטן אַריין, מיט אַ שווער זיידן פאָרהאַנג פאַר דער זון. און פון צייט צו צייט פלעגט ר' חייא אַראָפּנעמען די ברילן, לעגן אויפ'ן ספר און נאָך צודעקן מיט'ן פולאַרענעם טיכל און אַרויפלעגן דאָס טאַבאַק-שקעטעלע,— און צוגיין צום פענסטער, און שטעלן זיך אַ ווײַלע אונטער דעם פאָרהאַנג, און איינהערן זיך צו די קולות פון זיינע תלמידים, וואָס גייען אַרום אויף די שפּאַציר-וועגן, פאָרן-אָדער קופּקעלעך-ווייז, און רעדן צווישן זיך ווי חברים, און האָבן קיין סיבה נישט צו היטן זיך און בייטן די קולות...
וואָס זיי האָבן געשמועסט, האָט ער נישט געוואָלט און נישט געקאָנט הערן: אַרויף ביז צו זיין חדר איז צוגעקומען פון די בחורים נאָר דער קלאַנג פון זייער קולות, אָן אַ היתוך הדבור... און

אַז עס איז אַוועקגעגאַנגען אַ צייט, און ר׳ חייא האָט קיין אמת ריכט קול נישט געהערט, איז ער אַריינגעפאַלן אין עצבות.

איינמאָל האָט ער זיך אפילו געקלאָגט פאַר זיין ליבן נאָמען.

— רבונו של עולם! — זיפצט ער — די פייגעלעך אין גאָרטן, וואָס האָבען נאָר אַ נפש חיה, זינגען דיין שבת, און די תלמידים מיינע, וואָס האָבען אַ נשמה און אַ יחידה, לערנען דיין תורה... פאַרוואָס איז דאָס קול פון דיינע פייגעלעך אַזוי גאַנץ, אַזוי ריין, אַז עס גיסן זיך אין זיי אויס גאַנצע נשמות, בשעת וועןן מיינע תלמידים — — —

גענענדיקט אָבער האָט ער נ י ש ט: מקטרג זיין אויף זיינע תלמידים האָט ער נישט געוואָלט... דאָס עצבות אָבער טרעט נישט אָפּ!

פון צייט צו צייט קומען אָן נייע תלמידים, נייע קולות, אָבער אַלץ קיין קמח־סולת נישט!

---

ויהי היום — איינמאָל, זיצנדיק פאַר מנחה אין ערשטן חדר, דערהערט ר׳ חייא פון פאָדערהויז אַ וכוח, עס הערען זיך צוויי קולות: איין קול אַ בייזערדיקס, דעם ריש־דוכנא׳ס קול, און אַ צווייט קול, אַ יונגס, אַ פרעמדס — כן הסהס, פון אַ פרעמדן בחור. און דאָס קול פון פרעמדן בחיר מאַכט אויף ר׳ חייא׳ן אַ גרויסן רושם. אויף אַזאַ קול האָט ער געהאָפט, אויף דעם האָט ער מתפלל געווען! פאַרמאַכט ר׳ חייא דאָס ספר, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר זיך, און וויל זיך לענגער איינהערן, האַקט זיך אָבער דאָס צווייטע, בעטנדיקע קול איבער, און עס הערט זיך נאָר דעם ריש־דוכנא׳ס קול, וואָס מוסר׳ט און בייזערט זיך. גיט ר׳ חייא אַ קלאַפּ אין טיש, פאַר אַ סימן, אַז ער רופט. עפנט זיך די טיר, און עס באַווייזט זיך פאַר אים דער ריש־דוכנא אַ צערו־דערטער, אַ דערשראָקענער און זיין אַלט פנים איז נאָך בלאַס.

וואָרנט אים ר׳ חייא: כל הכועס!...

— ניין, רבי! — בלאָזט זיך אָפּ דער ריש־דוכנא — עס איז משיח'ס צייטן — אַזאַ חוצפה! אַזאַ חוצפה פון אַ בחור!

— נו, נו, — וואָס וויל ער, דער בחור?

— ער וויל אַ קלייניקייט: אַריין צו אייך אין ישיבה!

— נו?

— פרעג איך אים: קענסט „ש"ס ופוסקים"? זאָגט ער: ניין! — כאָטש „משניות"? — פרעג איך ווייטער — ניין! — מאַך איך מיר אַ שפּאַס: און „עין יעקב"? — אויך נישט! — שפּאַס איך שוין ווייטער: און דאַווענען? צעוויינט ער זיך! — וואָס איז? דאַווענען אין סידור קאָן ער, נאָר פּירוש המילות האָט ער פאַרגעסן! שוטה, וואָס זשע ווילסטו? — צו ר' חייא'ן וויל ער! — נאָך וואָס? זאָגט ער, אַז ער וויל אייך בעטן, איר זאָלט אים לאָזן זיצן אין ישיבה און צוהערן זיך צום שיעור, אפשר וועט אים גאָט העלפן, ער וועט זיך דערמאָנען!

— געקאָנט, הייסט עס, און פאַרגעסן, — זיפצט ר' חייא אָפּ, — אַ חולה, נעבעך; און וואָס איז דער כעס?

— וואָס דער כעס איז? אַדרבא — זאָג איך אים, איך וועל דיך אַריינלאָזן צו ר' חייא'ן. טראָגט אָבער דער בחור אַ לייוונטן מלבוש, אַרומגעבונדן איז ער מיט אַ האַנפענער שטריק איבער די לענדן און האַלט נאָך אין דער האַנט א וואַלד־שטעקן, ווי אַ גזלן, — אַן אָפּגעשיילטע צווייג פון אַ מאַנדל בוים. זאָג איך אים: גוט, בחור, איך וועל דיך אַריינלאָזן צו ר' חייא'ן נאָר טו דיך איבער. האָסט אַנדערע מלבושים? — נישט ער האָט, נישט ער וויל זיך איבערטון... ער טאָר נישט, זאָגט ער. — לעג כאָטש אַוועק דעם שטעקן! דאָס אויך נישט! ער טאָר דעם שטעקן נישט אַרויסלאָזן פון האַנט, נישט ביי־טאָג, נישט ביי־נאַכט; ער שלאָפט מיט'ן שטעקן!

פאַרשטייט ר' חייא, אַז עס איז אַ בעל־תשובה, זאָגט ער:

— זאָל אַריינקומען דער בחור.

— קומט ער אַריין אַ בלאַסער, אַ מאָגערער; אָנגעטון, ווי דער ריש דוכנא האָט אים אויסגעמאָלט, און שטעלט זיך ביי דער טיר.

רופט אים ר׳ חייא צו צו זיך גענטער, דערלאַנגט אים „שלום״.
און אַז ער זעט, אַז דער בחור הויבט אויף אים זיין אויג נישט אויף, פרעגט ער:

— קינד מיינ׳ס, וואָס לאָזט דו די אויגן אַראָפּ פאַר מיר? באַהאַלסט דו פאַר מיר דיין נשמה?

— יאָ, רבי — ענטפערט דער בחור — מיין נשמה איז אַ זינ־דיגע... איך האָב מיך מיט איר וואָס צו שעמען.

זאָגט ר׳ חייא: איך הייס דיר אויפהייבן די אויגן:
פאָלגט דער בחור.

און ר׳ חייא, קוקנדיק אים אין די אויגן אַריין, ווערט כאַרציטערט, אַ פאַרשאָלטענע נשמה האָט ער דערזען.

— קינד מיינס — פרעגט ר׳ חייא — עס שטעקט אַ קללה אין דיינע אויגן. ווער האָט דיך פאַרשאָלטן?

— דער ראש־ישיבה פון ירושלים!

ר׳ חייא ווייסט, אַז דער ראש־ישיבה פון ירושלים איז ערשט נישט לאַנג נפטר געוואָרן, פרעגט ער: ווען?

ענטפערט דער בחור: שוין צוויי חדשים.

„ריכטיק! — טראַכט זיך ר׳ חייא — דעמאָלט האָט ער נאָך געלעבט״... און הויך פרעגט ער:

— פאַר וואָס?

— אויף דעם האָט מען מיך געהייסן, איך זאָל פאַר זייך זיך מתודה זיין.

— גוט... און ווי הייסט דו, בחור?

— הנניא...

— נו, בחור חנניא, — מאַכט ר׳ חייא און שטעלט זיך אויף — זיצונד קום דאַוונען מנחה ומעריב, דערנאָך וועט דיר דער ריש דוכנא ווייזן אַן אָרט ביים טיש... נאָכ׳ן עסן, וועסט דו אַראָפּגיין

אין גאָרטן אַריין, איך וועל דיך אויפזוכן און אויסהערן דיי-נע רייד.

און ער נעמט אים אָן ביי דער האַנט און פירט אים מיט זיך צום בית-המדרש׳ל ביי דער ישיבה.

און גייענדיק, טראַכט ר׳ חייא:

— אַזוי יונג, אַזאַ קול... און אַ בעל-תשובה... און אין די אויגן אַ קללה...

---

שפּעט ביינאַכט גייט ר׳ חייא מיט׳ן בחור חנניא אַרום אין גאָרטן. פון צייט צו צייט גיט ר׳ חייא אַ קוק צום הימל אַרויף און זוכט עפּעס אַ צייכן, עפּעס אַ סימן; איז אָבער דער הימל פאַרשטעלט מיט אַ שטומען גראָהען נעפּל; אַ נאַכט אָן לבנה, אָן שטערן... עס שטראַלן נאָר די שויבן פון די פענסטער אין פּאַלאַץ, און מיט זייער ליכט פירט ר׳ חייא דעם בחור חנניא מיט זיך אין סוכּה אַריין, און זיי זעצן זיך. און ר׳ חייא הויבט אָן:

— אין „פּסוק״ שטייט — זאָגט ער צו חנניא׳ן — „דאגה בלב איש—ישיחנה״.

— רבי, וואָס איז דער טייטש? בעט זיך דער בחור.

טייטשט אים ר׳ חייא אויס וואָרט ביי וואָרט:

— דאָס איז טייטש: „דאגה״—אַ זאָרג (חנניא חזר׳ט איבער), „בלב״—אין האַרץ, „איש״—פון אַ מענש, „ישיחנה״ דאָס איז טייטש: ער זאָל אויסזאָגן אַן אַנדערן,—ער זאָל זיך אויסגיסן דאָס האַרץ. און כאָטש דער בחור איז תופס נאָר טייטש-ווערטער, הויבט זיך אים אָן דאָס בלאַסע פּנים צו רייטלען, ווי ביי אַ פאַרחלש׳טן, ווען מען דאַטעוועט אים און די נשמה קומט פּאַמעלעך צוריק אין גוף אַריין.

קריגט אויף אים ר׳ חייא גרויס רחמנות און זאָגט אים:

— פּתח פּיך, בני,—עפן דיין מויל, חנניא, ויאירו דבריך—

און זאָלן לייכטן דיינע ווערטער, און זיי זיך פאַר מיר מתודה...
האָט אים חנניא דערציילט אַ מעשה נורא.

---

קומען קומט ער אַרויס פון ירושלים... זיין מאַמע איז אַ רייכע אלמנה, וואָס האַנדלט מיט בשמים...

און זי האָט נאָר צוויי קינדער געהאַט, אַן עלטערע שוועסטער מיט'ן נאָמען אסתר, און אים, חנניא.

האָט זי, פאַרשטייט זיך, ליבער געהאַט חנניא'ן דעם קדיש, פאַר זיין שוועסטער. בפרט, אַז חנניא האָט זיך באַוויזען א יינגל אַן עלוי...

זי האָט אים געדונגען גוטע מלמדים, און ווייל זי איז דעם ראש־ישיבה'ס אַ ווייטע קרובה געווען, און האָט געהאַט אַ דריסת הרגל אין זיין הויז, פלעגט זי אַלע עטלעכע שבתים פירן חנניא'ן צו דער רבי'צין, און די רבי'צין פלעגט אים אריינפירן צום ראש־ישיבה צום פאַרהערן.

האָט דער בחור ביים ראש־ישיבה שטאַרק נושא חן געווען. שטייט די מוטער הינטער דער טיר און הערט, ווי מען לויבט אים; און קוקט אַריין דורך אַ שפּאַרע און זעט, ווי דער ראש־ישיבה קנייפּט אים אין בעקל אַריין מיט גרויס ליבשאַפט, און איז אים מכבד מיט'ן שענסטן עפּל פון שבת־אויבס—קוועלט זי!

נאָך מער וואַקסט אין איר דאָס האַרץ, אַז די רבי'צין זאָגט איר, אַז דער ראש־ישיבה וויל דעם בחור אַרייננעמען צו זיך אין ישיבה אַריין, אויבוואויל זי איז דערויף נישט באַשטאַנען, ווייל זי וויל זיך מיט אים נישט צעשיידען. איר שיינדל וויל זי האָבן ביי זיך אין דער היים; זי זאָל קאָנען וואָס אַמאָל מוסר זיין די השגחה אויפ'ן געוועלבל אַ שכנה, און אַריינלויפן אויסקושן איר בן יחיד אַלע אברים. נעמט זי אים צו נאָך אַ גרעסערן תלמיד חכם, ער זאָל לערנען מיט'ן בחור אין דער־היים.

און אינ'ם גרויסן תלמיד־חכם איז זי נכשל געוואָרן...

---

עס איז געווען איינער פון די פאַלשע תּלמידי חכמים, וואָס לערנען נישט תּורה לשמה, און האָבן נאָר אין זין זיך צו הייכן און צו קריינען אויס׳ן חשבון פון דער תּורה; האָט ער געפירט חנניא׳ן אויף דעם אייגענעם דרך. ער האָט מיט אים געלערנט נאָר ווי אַזוי אַלץ אָפּצעווענדן. און האָט געפּלאַנצט אין חנניא׳ס האַרץ די ביטערע קרייטעכצער פון גאוה און נצחון. און חנניא האָט זיך געשווינד אויסגעלערנט די חכמה; וואָרים באמת איז עס נאָר אַ חכמה, אָבער קיין תּורה נישט. נאָר דאָס האָט די מוטער און דער עולם אַרום נישט פאַרשטאַנען, האָט מען חנניא׳ן נאָך מער געלויבט, און די מוטער האָט דערפון נאָך מער נחת געהאַט...

און אין אַ צייט אַרום האָט חנניא מקבל געווען די גאַנצע תּורה פון תּלמיד חכם, און האָט געזאָגט דער מוטער, אַז ער דאַרף שוין קיין מלמד נישט האָבן, האָט די ייִדענע געמיינט, אַז עס עפענען זיך פאַר איר אַלע שבעה רקיעים...

און חנניא איז געגאַנגען אויפ׳ן דרך השקר שוין אויף דעם אייגענעם חשבון, און פלעגט האָבן וואָס אַמאָל מער וכּוחים מיט בחורים פון ישיבה און גלאַט לומדים, און אַלע גובר זיין און מבייש זיין, און מאַכן פאַר עם הארצים... אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז עס איז אָנגעקומען צום ראש ישיבה, האָט דער ראש־ישיבה געזאָגט: מעשה ילדות! דערפון וואַקסט אַ תּלמיד חכם אויס! און האָט נאָר געהייסן גיין אין זיין נאָכען און זאָגן דער מוטער, זי זאָל אים דערלאַנגען א פּעטשל דערפאַר.

— אַ מאַמע — זאָגט ער — מעג!

גייט, מן הסתם, די מוטער און גיט אים אַ קוש פאַר׳ן פּעטשל, און קויפט אים נאָך אַ שיינע מתּנה פאַר זיין חכמה...

זעט חנניא, אַז עס איז גוט אַזוי, ווערט ער נאָך מער מחוצף, לויפט ער אַרום אין שולן און בתּי־מדרשים, און מאַכט זיינע קונצן. וואו עס זיצט אַ מתמיד און לערנט, שטעלט ער אים אָפּ

אין דער אייגענער סוגיא, וואָס יענער לערנט, און פרעגט קשיות, הערט תירוצים, און ווענדט אָפּ... אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז יענער ווערט פאַרטומלט, און חנניא ווייזט פאַר'ן גאַנצן עולם, אַז דער מתמיד האָט קיין שום השגה נישט...

אַ מאָל טרעפט ער, ווען אַ בחור זאָגט אַ חילוק, אָדער עס דרשנ'ט אַ תלמיד חכם, —און נאָך איידער יענער ענדיגט, שפּרינגט ער שוין אַרויף אויפ'ן בעלעמער, און מאַכט פון חילוק אשפּה, און צעשניידט מיט'ן מויל, ווי מיט אַ שער, דעם דרש אויף פּיצלעך, און צערייסט אים ווי אַ שפּינוועבס, און מאַכט אַלע פאַר עס־הארצים.

ליפּט מען ווייטער צום ראש ישיבה, גיט ער אַרויס אַ האַר־בערן פּסק: גייט, זאָגט ער, צו דער מוטער און זאָגט איר, אַז איך האָב געהייסן אים אָפּשמייסן...

קריגט חנניא פון דער מוטער נאָך שענערע מתנות; טוט ער נאָך מער מעשים רעים. דערציילט מען ווייטער דעם ראש ישיבה, זיפצט ער אָפּ און זאָגט, אַז ער האָט אים מורא מעניש צו זיין, אַזאַ למדן איז ער, אַז נאָר אַ מאַמע מעג. דערציילט מען אים, וואָס די מוטער טוט, הייסט ער, מען זאָל אַרויפשיקן חנניא'ן אַליין. קומט חנניא אַריין מיט עזות. און אַז דער ראש ישיבה הויבט אָן אַ שמועס וועגן תורה, האַקט ער אים איבער מיט חוצפה און פרעגט שפּיציקע קשיות, און קשיות אויף קשיות, און ווייזט זיין גבורה... איז אָבער דער ראש ישיבה אַ גרויסער עניו געווען, בייזערט ער זיך נישט, און זאָגט אים געלאַסן:

— הער, חנניא! דיין גאַנצע חכמה איז נאָר אויף אָפּווענדן אַלע קשיות און תירוצים—אויף נישט אַזוי, אַלץ „ניין" און „ניין"... הייפּט עס, אַז דו האָסט קיין גאַנצע תורה נישט... ווייל די תורה האָט דאָך עשה'ן און לא תעשה'ן, האַלב הן און האַלב לאו, און דו האָסט נאָר: לאו און לאו... מער ווי העלפט וועסטו קיינמאָל נישט האָבן. אַ והא ראיה: זאָג עפּעס דיינס, דיין אייגנס אויף יאָ...

שווייגט חנניא; אין דעם איז זיין כח נישט געווען. זיין כח איז געווען „סתירה“, נישט „בנין“...

פאַרענטפערט ער זיך:

— דאָס האָט מיך דער מלמד נישט געלערנט!

זאָגט אים דער ראש ישיבה: דיין מלמד, חנניא, איז נפטר־געוואָרן, און עס ברענט אים דאָס פייער אין גהינום און דער זכות פון דער תורה קאָן אים נישט מציל זיין,—און ער וועט אַזוי ברענען, כל זמן דו, חנניא, וועסט נישט תשובה טאָן און אויסרייסן פון האַרץ דאָס שלעכטס, וואָס ער האָט אין דיר פאַרזייט...

— דאַרפסטו—זאָגט דער ראש־ישיבה ווייטער—רחמנות האָבן אי אויף דיר, אי אויף יענעם תלמיד חכם, און תשובה טאָן און לערנען תורה לשמה...

לויפט חנניא אויפ'ן בית עלמין אַרויס און פרעגט זיך נאָך, צי דער און דער מלמד איז באמת נפטר געוואָרן? און ווען? ווייל ער האָט דערפון נישט געהערט. זאָגט מען אים: יאָ, און די קבורה איז געווען ערשט נעכטן, און מען ווייזט אים דעם וועג צום קבר. זעט ער, חנניא, ווי דער קבר איז איבער נאַכט פאַר־וואָקסן געוואָרן מיט שטעכעדיקע און ברענענדיקע דערנער... פאַרשטייט ער, וואָס דאָס באַטייט, און באַשליסט זיך תשובה צו טאָן...

מאַכט זיך אָבער, מעשה שטן, אַזאַ מעשה:

אין יענער צייט האָט געלעבט אין ירושלים אַ געוועזענער קצב, אַ גרויסער עושר.

איז דער עושר אַ רע לב און האָט אויף זיין אייגענער פרוטה קיין שליטה נישט געהאַט, און פלעגט נישט עסן, נישט טרינקען, און אַרומגיין קרועה בלואה. און אַז אַ מלבוש איז אים אַראָפּגעפאַלן פון לייב, האָט ער עס אויך נישט אַוועקגעשענקט קיין אָרעמאַן, נאָר פאַרקויפט בפרוטה אויף לאַטעס... און מגדל

גוזנן האָט ער כלבים, עס זאָלן קיין אָרעמע לייט נישט מאַכן זיך קיין דריסת הרגל אין זיין הויז...

און קיין בנים זכרים האָט דער רשע נישט געהאַט, נאָר איין איינציקע טאָכטער חנה. אַ ווייב האָט ער געהאַט אַן אשה צנועה און אַ צדיקת, און פאַר דער פטירה האָט זי באַשוואָרן די קרובים זיי זאָלן זיך אַליין מתעסק זיין אין איר קבורה, און דער מאַן זאָל אפילו פון איר קבר נישט וויסן.

און דער רשע איז שוין אַן אַלמן געבליבן. קיינער וויל אים נישט געבן קיין טאָכטער פאַר אַ ווייב. וואוינט ער אַליין מיט דער בת יחידה חנה. און הפלא ופלא — זי, די בת יחידה זיינע, האָט ער דוקא שטאַרק ליב געהאַט, און געהאַלטן, ווי אַן אויג אין קאָפּ, און האָט געוואָלט זי זאָל מהנה זיין מכל דמיני עולם הזה, און איז גרייט געווען פאַר איהר מבזבז צו זיין דאָס גאַנצע געלט, כאָטש דאָס געלט איז אים טייערער געווען פאַר דער נשמה.

וויל אָבער די טאָכטער נישט נהנה זיין, זי האָט אַ ציואה פון דער מוטער, זי זאָל, אויסער ברויט מיט וואַסער, אין פאָטערס הויז נישט עסן... און קיין טייערע קליידער וויל זי נישט און דאַרף נישט, ווייל זי קוקט נישט ארויס מפתח ביתה, זי זאָל נישט הערן, ווי מען שילט דעם פאָטער און מען איז אים מבזה אין אַלע גאַסן.

און וואָס ווייניקער די טאָכטער וויל נהנה זיין פון זיין גוטס, מער חשק און תאוה האָט דער עושר איר טובות צו טאָן.

און אז עס העלפט קיין איבעררייידן נישט, טראַכט ער: איין טובה וועט זי וועלן: איך וועל איר געבן אַ מאַן אַ תלמיד חכם.

וויל ער פאַר איר אויסזוכן אַ חתן, דאָס אויבערשטע פון שטייסל—אַלמדן שבלמדנים; גיט ער לאַנד־שדכנים גרויסע רשימות, און ער אַליין לויפט אַרום אין ירושלים און אין דער סביבה אין אַלע ישיבות, און איז פוסק אַ הון רב פאַר אַ גוטן בחור, און אַלץ איז אומזיסט. קיינער וויל זיך נישט מעדך זיין מיט דעם מנוול.

ווערט דער עושר מלא חמה, בפרט אז עס איז צו אים גע־קומען אַמאָל אַ שכן און געזאָגט אים, ער זאָל אַוועקלעגן די גאוה און טאָן, וואָס עס לאָזט זיך, און דערציילט אים, אַז בשכנות וואוינט אַ בעל מלאכה — אַ נהנה מיגיע כפו, אַן ערלעכער מאַן, וואָס וויל זיין טאָכטער, און וויל אַפילו קיין גראָשן געלט נישט, ווערט ער גאָר אונטערגעצונדן!

וואָס דען טוט ער?

פאַלט ער אויף אַן עצה און זוכט אויס צוויי תלמידי חכמים אביונים, און גיט זיי געלט אויף הוצאות הדרך אויף צוויי יאָר, אַחוץ פרנסה, איבערצולאָזן פאַר ווייב און קינד אין ירושלים, און הייסט זיי אַרויסגיין אין גאַנץ תפוצות ישראל, וואו זיין שלעכטער נאָמען האָט נאָך נישט דערגרייכט, און ברענגען אים אַן איידעם אַ תלמיד חכם, אַ מופלג.

יידן־אביונים, באַשטייען זיי, און נעמען צידה לדרך, און לאָזן זיך אין וועג אַריין; און מעכטן אויס אין דער לענג און אין דער ברייט גאַנץ ארץ ישראל — און אַלץ בחנם.

גייט אַוועק די צייט, וואָס דער עושר האָט זיי געגעבן, גייען די תלמידי חכמים צוריק בידים ריקות, און שטעלן זיך אָפּ ביי די טויערן פון ירושלים מיט גרויס פחד; זיצן אַזוי און טרויערן.

און ווי זיי זיצן אַזוי פאַר׳ן טויער פון שטאָט ירושלים און טרויערן, געגעגנט זיך צו זיי אַן אָרעם בחור, אָנגעטון אין ווייסע לייוונט מיט אַ האַנפענעם שטריק אַרום די לענדן, אין אַ פּראָסטן וואַלד־שטעקן פון אַ מאַנדל־בוים אין דער האַנט; און ער גייט צו צו זיי, און גיט זיי שלום, און פרעגט זיי, צי זיי ווילן נישט טרינקען, און וואָס זיי זיצן אַזוי פאַרשמאַכט; און זאָגט זיי, אַז ער וואוינט דאָ אין דער מדבר און ער ווייסט פון אַ באר מים חיים, און עס איז נישט זייער ווייט פון דאַנען, און אויב זיי ווילן, וועט ער זיי פירן צום קוואַל... ווייל ער האָט קיין כלי נישט אַהער צו

ברענגען וואַסער. זאָגן זיי אים, אַז דאָרשטיק זייגען זיי נישט, נאָר זיי האָבן אַזוי עגמת־נפש, און ס׳מאַכט זיך אַ שמועס, פרעגן זיי ביי אים, ווער ער איז; זאָגט ער זיי, אַז ער איז אַ נע ונד, ווייל ער איז אַ יתום אָן טאַטע־מאַמע, לעבט ער חוץ לישוב און שפּייזט זיך פון קרייטעכלעצער...

— און ווילסט גאָרנישט לערנען קיין תורה?

ענטפערט ער זיי, אַז ער לערנט תורה; אַז אַלע נאַכט, ווען עס ווערט פינסטער אין מדבר, קומט צו אים אַן אַלטער מאַן, און לערנט מיט אים בעל פה... און ער דערזעט דעם אַלטן מאַן נאָר פון ווייטנס, ווייל עס לייכטן אים די אויגן אין דער פינסטער ווי די שטערן, און די ווייסע באָרד זייגע איז בלאַנק ווי שניי, און דער אַלטער מאַן קומט צו אים נאַכט איין נאַכט און זעצט זיך לעבן אים און לערנט מיט אים ש״ס ופוסקים, ספרי, ספרא און תוספתא... ווילן זיי אים פאַרהערן, צי זען איב ער זאָגט אמת, ווייזט ער זיך אַ גאון עולם... בערל שימן זיך אים פון מויל... פרעגן זיי אים, פאַרוואָס ער האָט פאַרלאָזט די מדינה, און ווי־ס ער טוט אונטער די טויערן פון ירושלים, דערציילט ער זיי בתמימות, אַז נעכטן האָט זיך מיט אים דער אַלטער מאַן געזעגנט און געזאָגט, אַז ער וועט שוין מער צו אים נישט קומען, און ער האָט אים געוויזן דעם וועג קיין ירושלים, און געהייסן אים גיין אין שטאָט אַריין, וואו ער וועט געפינען זיין זווג און זיין מזל. און וועט זיצן על התורה ועל העבודה. און איך — זאָגט ער — מוז דעם אַלטן פאָלגן... ווערן זיי, די תלמידי חכמים, דערפרייט, און זאָגן אים: קום, בחור, מיט אונז, מיר האָבן פאַר דיר אַ וואוילן שידוך. גייט ער מיט זיי.

פירן זיי אים גלייך אַריין צום גביר, און זאָגן אים: „אַל תבט אל מראהו״ — עס איז אַ גאון עולם; אליהו הנביא אַליין האָט מיט אים תורה געלערנט. גלויבט זיי דער גביר און דערפרייט זיך, און מאַכט באַלד אַ סעודה, און שרייבט תנאים און איז מגביל

זמן החתונה אינגאַנצן אויף צוויי וואָכן. ער האָט מורא פאַר אַן עין הרע און אַ בייז וואָרט... און קודם כל נעמט ער פון חתן אַראָפּ די קליידער און נעמט צו דעם שטעקן, און איז אים מלביש ומנעיל כיד הגביר, און די אַלטע קליידער באַהאַלט ער צום פאַרקויפן, תיכף ומיד נאָך דער חתונה, דעם ערשטן בעסטן אויף לאַטעס פאַר אַ פּרוטה... און די זאַך באַקומט אין שטאָט אַ שם.

די צוויי וואָכן גייען בשלום פאַרביי, און ס׳קומט דער טאָג פון דער חתונה. און צוליב דער טאָכטער האָט דאָס כלי אַוועקגענומען די האַנט פון האַרץ, און געמאַכט אַ הילולא, וואָס די וועלט זעט עס נישט. און לכבוד דעם חתן, זענען אַלע נכבדים פון ירושלים געקומען אויף דער חתונה, און צום חתן׳מאָל — אַלע בחורים פון די ישיבות...

— און די צייט פון פאַר׳ן באַדעקנס — דערציילט חנניא ווייטער — איז געקומען, דער חתן זאָגט פאַר אונז בחורים און במעמד תלמידי חכמים, דיינים און דעם ראש ישיבה - אַ שאַרפן הילוק... אין דער צווייטער שטוב איז מען שוין גרייט צום באַדעקנס... די כלי־זמר שפילן שוין כוסר, און די אונטערפירערס פון חתנ׳ס צד, דער רב און דער ראש ישיבה, האַלטן שוין הבדלות אין די הענט און דעם חתנ׳ס תורה גיסט זיך נאָך אַלץ ווי בוימל, אויך צעגייט זיך, ווי אַ ריח פון בשמים, און די אויגן זיינע לויכטן ווי די שטערן... איך גופא און הערן, חנניא אויך. ער האַלט וואָרט. ס׳פאַלט אים גאָרנישט איין אים אָפּצעווענדן. אַדרבא, ער האָט נחת פון פרעמדן חילוק: ער פרייט זיך, אז פון אַצונד אָן וועט ער האָבן אַ חבר, מיט וועלכן עס וועט כדאי זיין צו לערנען און צו רעדן וועגן לערנען. און עס האָט זיך שוין אין אים דערוועקט אַפילו אַ ליבשאַפט צום חתן, אַ הייסע ליבשאַפט. עס פאַרגליסט זיך אים דוקא אויפצעשטיין און צוגיין און קושן דעם חתן... און ער טוט עס. אָבער אין גאַנג האָט ער זיך אויסגעגליטשט! פאַרבייגייענדיק דעם עולם, הערט ער, ווי איין בחור זאָגט צום צווייטן:

דער חתן קאָן בעסער לערנען פאַר חנניא׳ן. און יענער ענטפערט: חנניא איז אַ גולם קעגן אים... און דאָס איז שוין פאַר חנניא׳ן אַ צו גרויסער נסיון געווען... עס האָט אים אָנגעכאַפּט ביים האַרץ, עס האָט אויפגעפלאַקערט אין אים אַ וואונד, גלייך אַ שלאַנג וואָלט אים אַ ביס געטאָן — און ער בלייבט שטיין, שטעלט זיך אויף די נעגל, הייבט פּלוצלונג אָן רעדן, אָפּצעווענדן, און פון מויל שיט זיך אים פּעך און סמאָלע... פּלוצלונג דערפילט ער, אַז ער פאַרזינדיקט זיין נשמה, אַז ער גייט קעגן אליהו הנביא׳ס תורה, קעגן תורת אמת... אַז ער שטעכט די תורה אין האַרץ אַריין שפּיזן און שווערדן, אַז ער טייט די תורה. און ער דערשרעקט זיך און וויל אויפהערן רעדן, און קאָן נישט... עס רעדט זיך שוין אָן זיין רצון, קעגן זיין ווילן, עס רעדט פון אים אַ ניט־גוטער אַרויס! און ער זעט, ווי דער חתן ווערט בלאַס פאַר שרעק, ווי ער וואַקלט זיך און פאַלט פאַר הולשות הדעת אויף אַ שטול...

און באותו הרגע ווערט אַ גיהנום אין שטוב. דער סקנער ווערט מלא חימה און ברילט ווי אַ לייב: מקח טעות! מקח טעות!... און לויפט אַרום ווי משוגע, ער זוכט און כאַפּט די אָרעמע תלמידי חכמים, די שליחים און שדכנים זיינע, און שלאָגט זיי און רייסט זיי אויס די בערד, און לויפט קעגנאיבער צו די כלי־זמר און רייסט זיי די כלים פון די הענט אַרויס, און וואַרפט און צעשמע־טערט זיי. און לויפט־צו צו דער כלה אין מיטן שטוב און רייסט זי אַוועק פון באַדעקנס. און לויפט ערגעץ אין אַ קאַמער אַרויס און ברענגט אַריין דעם התן׳ס אַלטע מלבושים: דאָס לייוונטענע מלבוש מיט׳ן האַנפענעם שטריק און ווייסן וואַלד־שטעקן. און רייסט אַראָפּ פון פאַר׳חלש׳טן חתן די נייע מלבושים, און שטופּט אים אַרויס אַ נאַקעטן פון טיר, און וואַרפט אים נאָך די אַלטע מלבושים... און די אַנשים השובים פון ירושלים און אַלע חתונה־געסט אַנטלויפן פאַר שרעק... איין חנניא בלייבט. ער שטייט נאָך אַלץ פאַרשטאַרט אויפ׳ן אָרט. קוים ער רייסט די פיס אָפּ פון

פאַדלאָגע און אַנטלויפט פון שטוב אַרויס. און באַלד אין גאַס איז אים אַקעגן געקומען דער ראש ישיבה; ער שטעלט אים אָפּ און זאָגט אים: חנניא, דו קאָנסט חרוב מאַכן אַ וועלט, פאַרגעס בעסער דאָס לערנען!..

— און באותו הרגע — דערציילט חנניא, האָט מיר עפּעס אַ קנאַק געטאָן אין מח, עפּעס האָט דאָרט געפּלאַצט, און איך בין געבליבן ווי אַ לערע שטייג אָן טויבן, אָן אַ וואָרט תורה! פאַל איך דעם ראש ישיבה צו די פיס, און בעט אַ תשובה, זיפצט ער:

— ווער ווייסט, צי עס וועט העלפן.

הויב איך אָן שטאַרק צו וויינען, ווייזט ער מיר, אַז נישט ווייט, אונטער אַ ווינקל פון אַ הויז, שטייט דער חתן, וואָס ווייסט נישט, וואו אויס און וואו איין—אין דער פרעמדער שטאָט.

— צו אַלעם ערשטן — זאָגט ער — גיי צו אים צו און בעט ביי אים מחילה...

האָב איך מורא צו גיין, שטופּט ער מיך אונטער:

— גיי און פועל ביי אים, ער זאָל מיט דיר אַהיים גיין צו דיין מאַמען... איך וועל אויך אונטערקומען.

גיי איך צו צום מבויש׳ן חתן, דערזעט ער מיך, און לויפט מיר אַקעגן, און לאָזט מיך צום וואָרט נישט קומען און רופט צו מיר:

— מוחל, מוחל! במחילה גמורה; עס איז קיין זווג נישט געווען!

געוואָלט וואָלט איך בעסער, ער זאָל מיך דורס׳ן; און ער לעגט מיר די האַנט אויף מיין אַקסל און רופט מיך: חבר!

זאָג איך: וואָס פאַר אַ חבר קאָן זיין אַן עם הארץ מיט אַ תלמיד חכם? גאַפט ער. און איך דערצייל אים פון דער קללה, מיט וועלכער דער ראש ישיבה האָט מיך פאַרשאָלטן. ענטפערט ער מיר:

— אַז עס וועט זיך מיר באַווייזן מיין אַלטער רבי וועל איך אים בעטן פאַר דיר!

פיר איך אים צו מיין מאַמען, און לייד אויפ׳ן וועג חיבוט הקבר! ער רעדט צו מיר תורה, און איך פאַרשטיי נישט אַ וואָרט... און ס׳ווייגט מיר דאָס האַרץ פאַר בענקשאַפט צו דער תורה... און אין דער נשמה איז פינסטער און וויסט, ווי ביינאַכט אין אַ חורבה... קומען מיר אַריין צו דער מאַמען, פאַל איך איר אויפ׳ן האַלז מיט אַ געוויין און דערציי׳ל איר די גאַנצע מעשה, און ווייז איר, אַז דאָס איז דער חתן, וואָס איך האָב אים פאַרשעמט, פאַרברעכט די מאַמע אירע הענט און וויינט מיט אַ פאַרביטערט קול, און אסתּר, די שוועסטער מיינע, שטעלט זיך אין אַ ווינקעלע מיט׳ן פנים צו דער וואַנט, און גיסט טרערן... באותו הרגע קומט אַריין דער ראש ישיבה און ווענדט זיך קודם כּל צו אסתּר׳ן:

— הער, כּלה, גיי אין קיך אַריין און מאַך עפּעס צו עסן פאַר דעם תּלמיד חכם... — ווייזט ער אָן מיט דער האַנט אויף דעם פרעמדן בחור — און אַז דיין מזל וועט שיינען, — לעגט ער צו — וועט ער זיין דיין זווג.

פאַרצאָגט קוקט זיך אסתּר אום אויף דעם חתן און זיין הולך, נאָר דעם ראש ישיבה פאָלגט זי און גייט אַרויס...

און דער ראש ישיבה ווענדט זיך צו דער מאַמען:

— אַצונד — זאָגט ער — איז נישט קיין צייט פון וויינען... און דו האָסט דיך אויך פאַרזינדיקט דערמיט, וואָס דו האָסט פאַר אסתּר׳ן נישט געזאָרגט און חנניא׳ן נישט געשטראָפט... נישט גוט! נישט גוט!

הייבט די מאַמע אָן נאָך שטאַרקער צו וויינען.

— נישט וויינען, — זאָגט נאָך אַמאָל דער ראש ישיבה — טאָן דאַרף מען.

— וואָס? וואָס? — קלאָגט די מאַמע.

— און דו וועסט מיך פאָלגן? — פרעגט דער ראש ישיבה.

— פאָלגן, פאָלגן! איילט זיך די מאַמע צו זאָגן.

זאָגט דער ראש ישיבה אַזוי:

— קודם, מאַך חתונה אסתּר'ן... אָט איז איר זווג!

רייסט זיך ארויס פון דער מאַמעס האַרץ אַ געוויין:

— דער בחור אין לייוונט, מיט'ן שטעקן?

— דאָס איז דער בחור, וואָס אליהו הנביא האָט מיט אים תורה געלערנט. אַזוי פאָלגסטו, קרובה?

— זייט מיר מוחל, רבי... איך פאָלג שוין, איך פאָלג...

— און דיין זון, — זאָגט ער ווייטער — מוז גיין גלות אָפּ־ריכטן, ביז דעם רחמנ'ס רחמנות וועט זיך אויף אים דערוועקן, און דו וועסט פון אים אויך נחת האָבן, נאָר שפּעטער... עלטער איז אסתּר!..

— און אַצונד — זאָגט ער ווייטער צו מיר און צום חתן — אַצונד, מיינע ליבע קינדער, טוישט אייך מיט די מלבושים!..

— און דו, — זאָגט ער צו מיר — גיי תיכף ומיד אין גלות אַריין... און דעם שטעקן נעם און היט אים, ווי אַן אויג אין קאָפּ. ביינאַכט האַלט אים צו קאָפּנס, ווען דו וועסט שלאָפן. און איך וועל מתפּלל זיין, עס זאָל קומען דיין הילף און דער שטעקן זאָל אויפבליען און דו וועסט דיך אַלץ דערמאָנען. נאָר געדענק, ערשט דעמאָלט וועסטו מעגן אָנטון אַנדערע מלבושים, און אַצונד גיי און געזעגן דיך נישט מיט קיינעם.

כּהרף עין האָב איך מיך איבערגעטון אין דעם חתן'ס קליי־דער, און באותו רגע קומט אַריין מיין שוועסטער מיט אַ פאַנקוכן אויף אַ טעלער, אין דער האַנט, און ווי זי דערזעט אונז אין די פאַרטוישטע מלבושים, האָט זי פאַר שרעק אַראָפּגעלאָזט דעם טע־לער מיט'ן פאַנקוכן, און דער טעלער האָט געפּלאַצט מיט אַ הויכן קלאַנג, און דער ראש ישיבה האָט אויסגערופן: — „מזל טוב, מזל טוב!"

מער האָב איך שוין נישט געהערט, איך בין באַלד אַרויס פון שטוב.

---

און אַזוי ווי ער איז אַרויס פון ירושלים—דערציילט חנניא—האָט ער תיכף ומיד פאַרבלאָנדזשעט אין אַ מדבר, אָן ברויט און אָן וואַסער. נאָר נישט צו ברויט און וואַסער האָט ער געגלוסט, פאַר'ן גוף האָט חנניא יוצא געווען מיט גרעזלעך, וואָס געפינען זיך אַמאָל אין מדבר... און געווען איז ער שטענדיק בחזקת סכנה, צווישן אַלערליי חיות, נחשים ועקרבים, נאָר זיי האָבן אים גאָרנישט גע-טאָן... פלעגן עפּעס ברומען צווישן זיך און אַראָפּגיין פון וועג. האָט ער, חנניא, פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן אויף אים קיין שליטה נישט, ווייל זיין פסק איז נאָר „נע ונד"...

און אַזוי האָט ער אַרומגעבלאָנדזשעט טאָג א'ן נאַכט, און געטראַכט און געטרויערט האָט ער אויף זיינע יונגע יאָרן, וואָס גייען אוועק אָן תורה, אָן ליכט, אָן אַ שטראַל פאַר זיין פינסטערן מח... וואָלט ער כאָטש אַ וואָרט תורה געהערט! כאָטש אַ סידור ער זאָל האָבן... בעל כּה קען ער אפילו נישט דאַוונען, גאָרנישט.

איינמאָל, דערציילט ער, האָט ער זיך געשטאָנען זאַמד אויפ'ן קאָפּ, און לשם צער זיך געשטעלט אויף איין פוס, און אַלץ איינ-איינעם געשריען אין הימל אריין „תורה!" „תורה!", נישט מער ווי דאָס איינע וואָרט... און געשריען האָט ער מיט מסירת נפש... לאַנג, לאַנג, ביז די זון איז אונטערגעגאַנגען, און ער איז געפאַלן אויף דער ערד און איז איינגעשלאָפן פאַרשמאַכט און געפילט, אַז ער וויינט אין שלאָף אויך און שרייט: תורה! תורה!.. באַווייזט זיך אים דער ראש ישיבה, אָנגעטון אין תכריכים און אַ גאָלדענע קרוין אויפ'ן קאָפּ, און האָט אים אַזוי געזאָגט:

— שטיי אויף, חנניא, דיין רפואה הויבט זיך אָן... שטיי אויף און גיי פאַר דיר, וואו די אויגן וועלן דיך טראָגן. וועסטו קומען קיין צפת, און זאָלסט אַריינגיין צום לב-טוב, ר' חייא'ן, און

וועסט זיך פאַר אים מתודה זיין, און בעטן ער זאָל דיך אַריינגנעמען אין זיין ישיבה, און ער וועט דיר נישט אָפּזאָגן, און אַז דו וועסט אַלט ווערן אַכצען יאָר, וועט ער דיר געפינען דיין זווג. און צום אַכטן טאָג נאָך דער חופה וועסטו זיך אויפכאַפּן אין דערפרי, וועט דער שטעקן ביי דיר צו־קאָפּנס שוין האָבן אויפגעבליט און שפּראָצן מאַנדלען, און בליען און שפּראָצן וועט אויך אין דיר די נשמה...

— און דו וועסט זיך אַלץ דערמאַנען, אויסער דעם שלעכטן, און וועסט זאָגן פאַר ר׳ חייא׳ן א חילוק, אַ בנין, נישט קיין סתירה; און ר׳ חייא וועט פון דיר נחת האָבן... נאָר צי וועסטו לאַנג לעבן, — זאָגט ער — ווייס איך נישט...

און ער איז נעלם געוואָרן, און איך האָב מיך אויפגעכאַפּט פאַרטאָג און געגאַנגען, ביז איך בין געקומען צו אייך, רבי...

אַזוי דערציילט חנניא, און ר׳ חייא קוקט אויף אים מיט גרויס צער און פרעגט:

— און ווי אַלט ביסטו, חנניא?

— זיבצען יאָר און צען חדשים.

פאַרטראַכט זיך ר׳ חייא... „נעבעך— טראַכט ער — אָן אַריכת ימים"! דערווייל הויבט חנניא אויף זיינע גרויסע אויגן אויף ר׳ חייא׳ן און זאָגט מיט אַ האַרציק געבעט, שטיל און פאַרציטערט.

— רבי, וועט איר מיך אַריינעמען אין דער ישיבה?

— „אַ לערע נשמה — טראַכט ר׳ חייא — אָן אַ וואָרט תורה, און פון האַלז שפּילט אַרויס דוד המלך׳ס פידעלע" — און הויך זאָגט ער:

— גיי, מיין קינד, שלאָפן... זאָג דעם ריש דוכנא, ער זאָל דיר ווייזן וואו, און קום מארגן פרי צו מיר נאָך תשובה. אַצונד גיי, מיין קינד...

חנניא גייט אַרויס, און ר׳ חייא בלייבט נאָך אַ ווײַלע אין סוכה, ער קוקט דורכ׳ן פענסטערל אין הימל אַריין און פרעגט:

— זאָל עס זיין דער?...

נאָר דער הימל איז פאַרוואָלקנט און שווייגט.

און פאַרוואָס ר׳ חייא׳ן איז שווער געווען צו געבן חנניא׳ן תשובה באַלד אויפ׳ן אָרט, ווער מען זען אין שמועס מיט חנניא׳ן צו מאָרגנס אין דערפרי.

— חנניא בני, — זאָגט ער אים אין אַ באַזונדער חדר — זיי וויסן, מיין קינד, אַז בנוגע צו דיין בקשה, איך זאָל דיך אַריינ-נעמען אין מיין ישיבה אַריין, איז פון מיין צד קיין מניעה נישט, נאָר...

הויבט חנניא אָן אויפ׳ן גאַנצן לייב צו ציטערן.

— רבי, — זאָגט ער — לאָזט מיך זיצן ווי אַמווייטסטן פון אייך, ערגעץ אין אַן עק באַנק, אין אַ פינסטער ווינקעלע, איך וויל נאָר הערן, וואָס איר וועט זאָגן פאַר זיי, פאַר די תלמידים... נאָר הערן וויל איך...

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז איך וויל—טרייסט אים ר׳ חייא—נאָר, זאָגט ער, איך האָב פחד, עס זענען דאָך פאָרט יונגע לייט, מעשה נערות, זיי וועלן אויס דיר, חס ושלום חוזק מאַכן...

שרייט אויס חנניא מיט פרייד:

— אַדרבא, רבי, איך דאַרף ליידן און אָפּקומען, וואָס מער יסורים, וועט געשווינטער אַראָפּ די קללה.

— זאָל זיין אַזוי — איז ר׳ חייא מרוצה — און נעמט חנניא׳ן אָן ביי דער האַנט און פירט אים מיט זיך אין ישיבה אַריין, און זעצט אים לויט זיין פאַרלאַנג, באַזונדער, גאָר אָן אַ זייט פון די תלמידים.

און ר׳ חייא זאָגט דעם שיעור, און פון צייט צו צייט וואַרפט ער אַן אויג אויף חנניא׳ן. זעט ער, ווי דער בחור זיצט מיט פאַרמאַכטע אויגן, נאָר אָפענע אויערן, און הערט זיך איין צום שיעור. און זיין פנים רויטלט זיך, ווען ער כאַפּט אַ וואָרט און ווערט בלאַס פאַר שרעק, אַז עס ווערט אים עפּעס פאַרלאָרן. און

טיילמאָל פאַלט אויף אים אַ מרה שחורה, ווען ער קאָן אַפילו דאָס טייטש־וואָרט נישט כאַפּן. דערמאַנט עס ר׳ חייא׳ן אָן אַ פאַר־שמאַכטן קעמל, וואָס בלאָנדזשעט אין מדבר, און האָט יסורים פון דאָרשט, און נחת דערפון, וואָס עס הערט פון ווייטנס אַ קלאָר ריזלען פון אַ קוואַל...

און ר׳ חייא זאָגט, און די תלמידים פרעגן קשיות, און ר׳ חייא ענטפערט, און מ׳אַמפּערט זיך, נאָר איין חנניא שווייגט, ער זאָל קיין פאַרע פון מויל נישט אַרויסלאָזן, און פירט מיט קיינעם קיין חברותא נישט. און דאָס מסירת נפש, מיט וועלכן ער לאָקערט אויף יעדעס וואָרט, איז צעגאָסן אויף זיין פנים... און אַז דער ש־עור ענדיקט זיך, גייט ער אַ ביסל אַרום איינער אַליין און אויף אָפּגע־לעגענע און פאַרוואַקסענע וועגן, ביז ער קומט צו צו אַ פאַרגעסענע סוכה צווישן אַלטאַנדערביימער, און זעצט זיך דאָרט אין התבודדות און קומט ערשט אַרויס צו מנחה־צייט.

---

איינמאָל גייט ר׳ חייא פאַר מנחה אַרײַן צו חנניא׳ן אין סוכה, אויסצעפאָרשן, וואו ער האַלט אין לימוד.

— ביזט שוין עפּעס תופס? — פרעגט ער.

— דערווייל נאָך ניעט, רבי! די זכיה האָב איך נאָך נישט געהאַט, נאָר הערן הער איך, וואָס אַמאָל מער, וואָס אַמאָל שאַר־פער. און באַהאַלט אין זכרון וואָס אַמאָל מער טייטש־ווערטער.

שווייגט ר׳ חייא און זיפצט.

און חנניא בעט זיך רחמים:

— רבי, לאָזט מיך רעדן פאַר אייך!

— אַדרבא! — איז ר׳ חייא מסכים.

— רבי, מיט מיר געשעט עפּעס וואונדערליכס! אין אָנהויב, באַלד דעם ערשטן טאָג, אַז איך בין געזעסן פאַר אייך מיט פאַר־מאַכטע אויגן און האָב געלאָקערט מיט אָפענע אויערן, זיי זאָלן, חלילה, קיין וואָרט נישט פאַרלירן, — אַזוי ווי כ׳האָב די אויגן

פאַרמאַכט, האָט זיך מיר אנגעהויבן דאַכטן, אַז איך גיי נאָך אַלץ אַרום און בלאָנדזשע אין מדבר, און בין פאַרשמאַכט, און די צונג איז מיר צוגעקלעפּט צום גומען פאַר דאָרשט... נאָר פון וויטנס הער איך, ווי ס׳ריולט אַ קלאָר, קלאָר וואַסער, מיט אַ זיס, היימיש קול, וואָס קלינגט ווי אַ בשורה טובה, אַ פריש נחת פאַר דער נשמה... און כ׳האָב געפילט, אַז גאָט׳ס רחמנות וועקט זיך איבער מיר, און פירט מיך אויפ׳ן גלייכן וועג צום קוואַל, און איך געגענען מיך צו אים, צום לעבעדיקן וואַסער, און דער קוואַל געגענט זיך אויך צו מיר און קומט מיר אַקעגן; און איך וויים דאָך, ווער דער קוואַל מיט זיין לעבעדיק וואַסער איז, איך האָב דאָך אַמאָל פון אים געטרונקען... און אַצונד האָט מיר גאָט געהאָלפן. איך גיי צוריק, און דער קוואַל קומט מיר אַקעגן, איך גיי מיט אַלע כחות... און כאָטש איך קלעטער איבער שטיינער, ביינער און דערנער, פריי איך מיך און גיי... און גיי... און אַזוי ווי איך גיי צום קוואַל, אַזוי געגענט זיך דער קוואַל צו מיר.

— און זיצנדיק אַליין אין סוכה, פאַרטראַכט איך מיך אַמאָל, און עס דאַכט זיך מיר, אַז איך בין געווען ווי אַ שטייג, פול מיט זינגענדיקע פייגל, און די פייגל האָבען גאָטס לויב געזונגען, זיין שבח געשבילט... דערנאָך איז געקומען אַ כשוף-מאַכער, און האָט די פייגל אַ כשוף אָפּגעטאָן, און זיי האָבן אָנגעהויבן אַנדערע נגונים צו זינגען... חוצפה׳דיקע, אויסגעלאַסענע... דער פּראָסטער עולם האָט זיך נישט פאַרשטאַנען דערויף, און געלויבט די שטייג און די פייגל אין שטייג, ביז עס איז אַמאָל דורכגעגאַנגען אַ צדיק אַ גרויסער, און איז צוגעגאַנגען זען, וואָס מען זינגט פון שטייג אַרויס פאַרן עולם. האָט ער געהערט, און זיין אויער האָט באַלד געכאַפּט דעם אמת׳ן תוך פון די נגינים. און ער איז צוגע-גאַנגען נענטער צו דער שטייג און געזאָגט: איידער אַזוי צו זינגען, פאַרשטומט בעסער, פייגל! און ער האָט אַ בייזן בלאָז גע-טאָן אין דער שטייג צריין מיט אַ בייזן, קאַלטן אָטעם, און תוך

כדי דבור זענען די פייגל ווי פאַרכשופט און פאַרשאָלטן געוואָרן, און זענען פאַרשטומט און פאַרפרוירן אַראָפּגעפאַלן אויף די פּאָד־לאָגע פון שטייג, און זיי ליגן דאָרט צענויפגעקנוילט, מיט פאַרווי־קלטע פליגל, מיט פאַרשלאָסענע שנאָבלען און פאַרמאַכטע אויגן, ווי די טויטע...

און אַז איך הער מיך איין צו אייער שיעור, און כאַפּ אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט, וועקט יעדעס וואָרט אין מיר אויף אַן אַנדער פייגעלע, עפנט עס זיינע אייגעלעך און זיין מיילעכל און הייבט אן זינגען מיט אַ שוואַך קול, מיט אַ שטילס, נאָר גוטע נגונים; פרומע, ערלעכע נגונים... און רירט שטיל מיט די פליגעלעך... אָט, אָט וועט עס פליען.

— זעסט, חנניא, גאָט האָט רחמנות — טרייסט אים ר׳ חייא.

לאָזט זיך אָבער חנניא׳נישט טרייסטן.

— דאָס אַלץ, — קלאָגט ער זיך — איז אָבער נאָר בייטאָג... און אַזוי ווי די זון לאָזט זיך אַראָפּ, לעגן זיך די שאָטנס פון דער נאַכט צוריק אויף מיין נשמה... אַלץ אין שטייג ווערט צוריק פאַרשטומט, פאַרפרוירן, און וואָס עס האָט מיט אַ פליגל גערירט, ווערט געליימט און פאַלט צוריק אַראָפּ ווי טויט, מיט אַ פאַרשלאָסן מיילעכל, מיט פאַרמאַכטע אויגן...

האָט ר׳ חייא דערפון גרויס צער, זאָגט ער אים: גיי, מיין קינד, דאַווענען מנחה... איך וויל דאָ בלייבן און אויף דיר מתפלל זיין...

קוקט אויף אים חנניא מיט גרויס ליבשאַפט און דאַנק, און גייט אַרויס פון סוכה.

---

ר׳ חייא בלייבט אַליין, ער דאַוונט אָפּ מנחה ומעריב אין סוכה און וויל אַרויסגיין אין גאָרטן אַריין, מתפלל צו זיין פאַר חנניא׳ן אונטער׳ן הימל. קומט ער צו צו דער שוועל פון סוכה, דערזעט ער, אַז אַ פּאָר טריט אינגאַנצן פאַר דער סוכה האָבן זיך

צוויי שלאַנגען אַרומגערינגלט אַרום צוויי נאָנטע אָלעאַנדער־ביימער. און זיי האָבן איינע קעגן דער אַנדערער אויסגעבויגן די פּיסקלעך אַזוי, אַז די גיפט־געפּעלעך האָבן זיך כמעט אָנגערירט.

קען ר׳ חייא אַלע חיות ועופות פון זיין גאָרטן: הן די, וואָס ליגן אויף די בוימער צווישן די צווייגן; הן די, וואָס קריכן אַרום איבער די בלעטער פון אַלערליי נידעריקע פּלאַנצן און אויף די בייטן פון אַלערליי קרויט; ווי אויך די, וואָס פּרוכפּערן זיך נידעריק אין גראָז. דערקענט באַלד ר׳ חייא, אַז איין שלאַנג איז אַ היימישע שלאַנג, די צווייטע, וואָס הייסט „עכנאי״, איז אַ פרעמדע שלאַנג, וואָס ער האָט נאָך דאָ נישט געזען. וויל ער וויסן, נאָך וואָס זי איז אַהער געקומען. ציט ער זיך צוריק אַריין אין שאָטן פון דער סוכה, הערט ער, ווי דאָס זעלבע פרעגט די היימישע שלאַנג, און ווי די פרעמדע ענטפערט איר:

— איך בין געקומען דאָ עמיצן בייסן.

שמייכלט די היימישע שלאַנג:

— אומזיסט איז דיין טרחה: איך בין דאָ שוין לאַנג אַ היימישע, און געקומען בין איך אַ ברענענדיקע שלאַנג, אַ מרשעת, און פלעג בייסן די תלמידים פון ישיבה. מיט דער צייט האָב איך אָבער אויפגעהערט צו בייסן. און ווייכטו פאַרוואָס? ווייל ר׳ חייא, דער ראש פון דער ישיבה, איז אַמאָל אַ סוחר געווען און געמאַכט אַמאָל ווייטע נסיעות איבער דער וועלט, און פון אַלטע שייכן, וואָס האָבן שבע חכמות בירושה, און מיט וועלכע ער פלעגט זיך טרעפן אויפ׳ן וועג, האָט ער זיך אויסגעלערנט צווישן אַנדערע חכמות אויך חכמת הרפואה... און זיי האָבן אים אָנגעוויזן, און ער האָט זיך געבראַכט פון ווייטע אינזלען גראָז אויף רפואות קעגן אונזער בייסן... איך בייס, און ער היילט... זע איך, אַז איך אַרבעט אומזיסט, האָב איך אינגאַנצן אויפגעהערט צו בייסן...

— נאַריש! ענטפערט די פרעמדע שלאַנג. — גראָזן — זאָגט זי — העלפן נאָר דעמאָלט, ווען אַ שלאַנג בייסט מדעת

עצמה, כאַר שנאה. איך אָבער קום נישט מיט מיין אייגענעם ווילן, נישט אויס רשעות וועל איך בייסן; איך קום אין שליחות פון מלאך המות, וואָס האָט מיך געשיקט מקיים צו זיין אַ פסק אויף אַ חייב־מיתה.

— וואו האָסטו דאָ אַ חייב־מיתה? סאַמע תלמידי חכמים, צדיקים!... — וואונדערט זיך די היימישע שלאַנג.

— אָט דער בחור הנניא, וואָס האָט יעדן טאָג דאָ התבודדות אין סוכה, איז חייב מיתה.

— ווי איז מעגלעך?

— זעסטו דאָך. ער האָט מבייש געווען אַ תלמיד־חכם, אליהו הנביא'ס אַ תלמיד... און — ברבים... אין טאָג פון תלמיד חכם'ס חופה! און אַ שטיקל פסק האָט ער באַלד באַקומען: דער ראש־ישיבה פון ירושלים, וואָס איז דערביי געווען, האָט אים פאַרשאָלטן, ער זאָל פאַרגעסן דאָס לערנען, און ארויסגעגאַנגען אַ תשובה, ער זאָל וואַרן אַ נע ונד, טראָגן לייוונטענע קליידער, מיט אַ פּראָסטן האַנפענעם גאַרטל אויף די לענדן. און האָט אים געגעבן אין דער האַנט אַריין אַן אָפּגעשיילטן צווייג פון אַ מנדל־בוים, און געזאָגט, אַז ער וועט זיך נישט דערמאָנען דאָס לערנען, ביז דער שטעקן וועט נישט אויסבליִען!

— הייסט עס לעולם ועד? מאַכט די היימישע שלאַנג.

— דאָס קאָן מען נישט וויסן! — ענטפערט די פרעמדע, — נאָר אין היכל איז מען אויף דעם פסק נישט באַשטאַנען! דאָס איז ווייניק, האָט מען געזאָגט; מען דאַרף אים צונעמען דעם חלק לעולם הבא. האָט זיך אָבער דער שר התורה אַוועקגעשטעלט, ניין און ניין! איז געפּסקנט, אַז מען זאָל אים געבן אַ כפּרת עון... זאָל דער בחור חתונה האָבן מיט אַ בת־טובים, און אום אַכטן טאָג נאָך דער חופה זאָל ער שטאַרבן... האַלב וועט מכפר זיין די חופה מיט די שבע ברכות, די אַנדערע העלפט — די מיתה...

די שלאַנג איז שוין מיד געוואָרן רעדנדיק, בעט זי זיך

ביי דער חבר'טאָרין, זי זאָל זי פירן צום וואַסער, וויקלען זיך די שלאַנגען אָפּ און גייען אַוועק... און אויף ר' חייא'ן פאַלט אַ גרויסע שרעק...

וואָרום ר' חייא איז צו אַ גרויסן נסיון געקומען: וועט ער חנניא'ן נישט חתונה מאַכן, וועט ער זיך קיינמאָל נישט דער־מאָנען דאָס לערנען... יאָ חתונה מאַכן? טייט ער אים מיט די אייגענע הענט! און ווי קאָן ער נעמען אַ בת ישראל און ברענגען פאַר אַ קרבן? מאַכן אַכט טאָג נאָך דער חתונה פאַר אַן אַלמנה?

קוקט ער און קוקט אין הימל אַריין; דער הימל שווייגט, נאָר דאָס האַרץ אין ר' הייא'ן הייבט אָן שטאַרק צו קלאַפּן און צו צאַפּלען; און ער הערט בחוש אַ קול פון האַרץ אַרויס:

— חייא, זיי מקריב דיין טאָכטער, דיין בת יחידה מרים...

נישט אַזוי לייכט איז אָבער מקריב צו זיין אַן איינציקע טאָכטער. הויבט ער אויף צום הימל די אויגן און איז מתפלל...

וויקלט זיך אָפּ דער וואָלקן פון הימל, און עס באַוויזן זיך מיליאָנען שטערנדלעך מיט אַמאָל, און זיי ווינקען צו אים מיט חסד, מיט בטחון, מיט אַ גוטן צוזאָג!

איין מאָל פאַרנאַכט, נאָך אַ תענית, זיצט אַזוי ר' חייא אויף דעם שטול, קומט אויף אים אַ חולשת הלב, פאַרמאַכן זיך אים די אויגן, און ער דרימלט איין. און באותו הרגע באַווייזט זיך אים שרה די צדיקת. זען זעט זי אויס פונקט ווי בשעת פטירה, און קוקט אויף אים מיט דיזעלבע חן־וחסד־שטראַלנדיקע אויגן, און זי לייגט אים מיט גרויס ליבשאַפט די רעכטע האַנט אויפ'ן אַקסל און זאָגט אים:

— זאָרג נישט, חייא, אונזער טאָכטערס מזל שיינט ווי די זון, פאַרלאָז דיך אויף אי ר...

און עמעץ, פילט ער, וועקט אים... עפנט ער די אויגן אויף, דערזעט ער, אז מרים'ל, זיין איינציקע טאָכטער, שטייט פאַר אים,

און לייגט איר רעכטע האַנט אויף דעם אייגענעם אַקסל, וואו איר מוטער האָט איר האַנט געהאַלטן, און זי זאָגט אים:

— טאַטעשי, זיי מיר מוחל, וואָס איך האָב דיך געוועקט... די זון איז שוין לאַנג אונטערגעגאַנגען, די לבנה איז שוין אַרויפגעשוואומען אויפ׳ן הימל און די שטערנדלעך האָבן זיך צעפלאַקערט, — שוין צייט, זאָלסט עפּעס טועם זיין, טאַטעשי...

נעמט ער זי אָן מיט ליבשאַפט ביי דער האַנט און דריקט זי צו צום האַרץ און זאָגט איר:

— טאָכטערשי, איך וועל נישט טועם זיין, ביז איך וועל דיך נישט פרעגן און דו וועסט מיר נישט ענטפערן דעם אמת.

באהאַלט מרימ׳ל איר פּנים אויף זיין ברוסט און זאָגט שטילערהייט:

— פרעג, טאַטעשי.

זאָגט ער איר: זע, טאָכטער מיינע ' יאָרן ציען, איך בין שוין נישט יונג... די באָרד מיינע איז ווייס, ווי דער שניי אויפ׳ן באַרג חרמון — און וואָס וועט זיין, טאָכטער, אַז מען וועט מיך רופן צום בית־דין של מעלה, און צו דער מאַמען דיינער, — אויף וועמעס באַראָט וועל איך דיך איבערלאָזן?

— טאַטעשי, רעד נישט דערפון... איך וויל שטענדיק טאָן דיין רצון...

פרעגט ער זי כהאי לישנא:

— זאָג מיר דעם אמת, מרימ׳ל, וועלכער פון מיינע תלמידים וואָלט דיר צום־בעסטן געפעלן פאַר אַ מאַן?

— חנניא' — ענטפערט מרימ׳ל שטיל. אַזוי שטיל, אַז נאָר אַ פאָטערס אַן אויער האָט געקאָנט אויפכאַפּן דעם נאָמען.

ווערט ר׳ חייא נבהל ונשתומם און פרעגט:

— און מיט וואָס געפעלט ער עס דיר, טאָכטער? האָסט גערעדט מיט אים.

ענטפערט זי:

— חס ושלום!

שמייכלט ר׳ חייא און פרעגט:

— וואָס דען, קינד? אַדרבא, דערציילֿ.

און אַז ער זעט, אַז עס איז איר נישט לייכט צו רעדן, זאָגט ער:

— איך בין אויף דיר גוזר בכּיבוד אָב!

דערציילט זי אים, אַז באַלד אין דער ערשטער רגע איז ער איר געפעלן. ערשטנס — דאָס קול; עס גיסט זיך אין איר האַרץ אַריין, ווי כּשר׳ער בוימל! צווייטנס — די גבורה!

— גבורה? — וואונדערט זיך ר׳ חייא.

— אַוודאי איז אַ גבורה. אַז אַ בחור גייט אַרום אין לייוונטענע קליידער צווישן ליטווישע חברים און שעמט זיך נישט, און האָט קיין מורא נישט...

— און שוין? וואונדערט זיך ר׳ חייא.

— און פאַר זיין גוט האַרץ, וואָס קוקט אים, ווען ער הייבט די ברעמען אויף, פון די אויגן אַרויס. און זיין טרייער... עס כאַפּט אָן ביים האַרץ...

— קינד, ער קומט אָפּ... אַ זינד ליגט אים אויף דער נשמה!

— גאָט מוז אים מוחל זיין! רייסט זיך איר אַרויס פון מויל מיט בטחון. איך גיי אַמאָל פאַרביי דער סוכּה, וואו ער זיצט פאַר מנחה... הער איך זיינע תּפילות! טאַטעשי, איז אַ מעגלעכע זאַך, מען זאָל אַזעלכע האַרציקע תּפילות נישט הערן?

— איך ווייס נישט זיין זינד... נאָר זיין תּשובה איז גרויס! עס ליגט אויף זיין פּנים אַזוי פיל חרטה, אַזוי פיל האַרץ־ווייטאָק... טיילמאָל — אַזאַ מרה־שחורה! מען מוז אויף אים רחמנות האָבן...

— האָסטו נאָר רחמנות, טאָכטער?

— דאָס איז געווען דער אָנהויב, טאַטעשי... און זאָל זיין — האָב איך אַמאָל געטראַכט — אויף דיין אָרט, טאַטעשי, וואָלט איך פאַר אים שטענדיק מתפּלל געווען... דערנאָך האָב איך אַזאַ געדאַנק

געהאַט: איך זאָל זיין אַ ברודער זיינער, וואָלט איך מיך פאַר אים מוסר נפש געווען... און פּלוצלונג, טאַטעשי, — דו הייסט דאָך מיר זאָגן דעם אמת — האָט מיר אַ שטראָם הייס בלוט צוגעשלאָגן צום האַרץ... עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז באמת מוסר נפש זיין קאָן זיך נאָר אַ ווייב! אַז דו ביזט אויף מיר גוזר, דערצייל איך דיר!...

— און איינמאָל, טאַטעשי, האָב איך וועגן דעם אַ חלום געהאַט.

עס איז געווען ל״ג בעומר. דו ביזט מיט דיינע תּלמידים שפּאַצירן געפאָרן אויף דער שיף איבער׳ן ים... חנניא אויך; דו האָסט אים געהייסן... און געזען האָב איך דורכ׳ן פענסטער ווי טרויעריק ער איז אַרויף אויף דער שיף...

און איך בין איינע אַליין געבליבן... עס איז מיר אומעטיק געוואָרן איינע אַליין אין הויז און אַזוי טרויעריק... בין איך אַראָפּגעגאַנגען אין גאָרטן אַריין. אין גאָרטן איז אויך געווען שטיל — קיין פויגל האָט נישט געזונגען... עס האָט קיין וואָרם אין קיין בוים נישט געקלאַפּט... און איך בין וואונדערלעך טרויעריק און מיד געוואָרן... גיי איך צו די בלומען... שטייען זיי אַלע פאַר׳חלש׳ט און געבויגן; עס איז אַ הייסער טאָג געווען... לייג איך מיך אויף אַ בייט ביי די ווייסע ליליען, מיט די הענט הינטער׳ן קאָפּ, און קוק אַזוי אין הימל אַריין... און ווער אַזוי איינגעדרימלט, חלומ׳ט זיך מיר אַ חלום:

עס פליט אונטער׳ן הימל אַ טויב... אַ ווייסע, שטילע, טרויעריקע טויב. און אונטער איר, די טויב זעט עס נישט, — פליט נאָך אַ שוואַרצער פויגל, מיט אַן אויסגעשטרעקטן שאַרפן שנאָבל און וויל שטעכן די טויב... קריג איך אויף דער טויב אַ ווילדן רחמנות און הייב אָן רופן, שרייען. די טויב הערט מיך נישט, שווימט ווייטער אין דער לופט, נאָר דער שוואַרצער פויגל דערשרעקט זיך און ווערט פאַרשוואונדן אויף אַ ווייל... ער קומט

אָבער צוריק, פליט האַסטיקער, הויבט אָן דעריאָגן די טויב... וועקט זיך אין מיר נאָך אַ שטאַרקער, נאָך אַ ברענענדיקער רחמנות; שריי איך נאָך העכער. דער שוואַרצער פויגל דערשרעקט זיך נאָך אַמאָל, רוקט זיך אַביסל הינטערווייל־לעכטס צוריק... און פליט נאָך אַמאָל צו... שריי איך נאָך האַרצרייסנדיקער... און אַזוי עטלעכע מאָל, ביז די טויב האָט מיך אויך דערהערט, און לאָזט זיך אַראָפּ צו מיר און מאַכט צו מיר טרויעריק:

— וואָס שרייסטו, קינד!

ענטפער איך:

— איך יאָג אָפּ פון דיר דעם שוואַרצן פויגל, וואָס דו זעסט נישט און וואָס וויל דיך טייטן!

ענטפערט מיר די טויב מיט מרה־שחורה:

— נישט ער וויל, ער מוז מיך טייטן... איך בין אַ חייב מיתה... און ער וועט מיך טייטן, אויב עמעץ וועט זיך נישט פאַר מיר מוסר נפש זיין! דאָס אָבער — זאָגט זי טרויעריק — וועט קיינער נישט טאָן!

— איך! — שריי איך אויס צו דער טויב — איך וועל עס טאָן!

— און וועסט קיין חרטה נישט האָבן?

— ניין! — און איך שווער איר צו, אַז ניין...

ניקט זי צו מיר, די טויב, מיט ליבשאַפט, שטייט אַ ווײַלע און פליט אַוועק. און אַז איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, האָב איך פאַרשטאַנען, וואָס עס באַטייט...

די טויב איז ער — חנניא... און מוסר נפש זיין, טאַטעשי, קאָן זיך נאָר אַ ווייב... און געשוואָרן האָב איך!

ווערט ר׳ חייא זייער טרויעריק און פרעגט:

— און ווי איז, אַז דעם חנניא איז קיין אורך ימים נישט באַשערט? ער מוז אַוועקגיין יונגערהייט פון דער וועלט?

ענטפערט זי:

— וויפיל עס איז אים יאָרן באַשערט, אַזוי פיל גוטע זאָל ער האָבן...

טרויעריק לייכטן אויף ר׳ חייא׳ס אויגן, און ער פרעגט:

— און ווי איז, אַז זיין לעבן אין הימל איז גערעכנט נישט אויף יאָרן, נאָר פון דער חופה אָן, — אויף טעג —

— זאָל זיין טעג! אָבער גוטע טעג זאָל ער האָבן!

— און דו ווילסט אַ יונגע אַלמנה בלייבן?

— אָבער אַ געבענטשטע פון גאָט!

בלייבט ר׳ חייא זיצן, נישט פאַרשטייענדיק די גבורה פון יונגן קינד.

„אַ הימל־זאַך", טראַכט ער.

און זי לייגט אים נאָך אַמאָל די האַנט אויפ׳ן אַקסל און מיט אויפגעהויבענע אויגן, און מיט אַ קול פון אַ נביאה, זאָגט זי:

— איך האָף אָבער, אַז דער גזר דין, וואָס הענגט איבער אים, וועט בטל ווערן! — איך וועל פאַר אים מיין לעבן אַוועקגעבן.

— ווי אַזוי, טאָכטערשי?...

— איך אַליין ווייס נישט, ווייל איך ווייס דאָך נאָך נישט וואָס פאַר אַ זינד ער דאַרף אָפּקומען. שפּעטער, וועט ער מיר שוין זאָגן...

אין ר׳ חייא׳ס שווער האַרץ בלייבט שוין קיין ספק נישט, אַז עס איז אַ זיווג פון גאָט... און הויך זאָגט ער:

— מזל־טוב דיר, טאָכטער! אם ירצה השם וועלן מיר מאָרגן שרייבן תנאים.

מרים בייגט זיך איבער׳ן פאָטער׳ס האַנט, און אַז זי האָט זיך צוריק אויפגעהויבן, האָט זי ר׳ חייא כמעט נישט דערקענט. זי איז מיט אַמאָל אַזוי גליקלעך געוואָרן... שטראַלנדיק איז זי מיט אַמאָל געוואָרן.

— האָסט גאָר קיין פחד נישט, מרים!

— גיין!

און איר קול האָט געקלונגען אַזוי קלאָר און אַזוי ריין, ווי קריסטאָל...

דעם צווייטן טאָג האָט מען תּנאים געשריבן און דעם זמן החתונה האָט מען מגביל געווען אויף אַ חודש. דער עולם האָט געגאַפּט. די בחורים פון דער ישיבה זענען אויסער זיך: דעם עם הארץ זאָל אַזוינס קומען! פאַר דרך ארץ אָבער שווייגט מען.

און דער חודש גייט פאַרביי... רופט ר׳ חייא אין טאָג פון דער חופּה אַריין די טאָכטער, און זאָגט איר:

— זיי וויסן, מרים, אַז אויף דיין חתן חנניא איז נגזר געוואָרן אַוועקצוגיין פון דער וועלט דעם אַכטן טאָג נאָך דער חופּה...

און ער דערציילט איר, וואָס ער האָט געהערט פון דער שלאַנג, און זאָגט איר, אַז אויב זי איז נישט פעסט אין דער דע... יאָ זי נאָך חרטה קריגן.

ענטפערט איר מרים׳ל:

— איך בין פעסט, און מיין האַרץ איז פעסט, און אַז איך וויים דעם גזר דין, ווייס איך שוין, ווי אַזוי איך וועל אים מבטל זיין!

— דו! אין וועמענס זכות, אין וועמענס כּוח? קאָן זיך נישט אויסוואונדערן ר׳ חייא...

און מרים׳ל זאָגט:

— זיין כּוח פון מיין אמונה...

בלייבט צו שטעלן אַ חופּה...

און עס איז אַ חתן־מאָל, זיצט דער חתן אין זיינע מלבושים און רעדט נישט אַ וואָרט...

ר׳ חייא האַלט פאַר אים אַ דרשה, און ער הערט זיך איין מיט נחת און צער צוזאַמען...

פירט מען דעם חתן צו קבלת־פּנים, זיצט די כּלה אין ליי־

ווּנטענע קליידער, אַפּנים שלא לבייש את החתן, און מיט אַ פּראָסטן טוך איבער׳ן קאָפּ ...

און אַז מען הייבט-אויף דאָס טוך, שיינט-אויף אַ פּנים, ווי אַ זון, אויגן קלאָרע, גלויבנדיקע, שטיל, נאָר טיף גליקלעכע!

לויפּט-זיך גאַנץ צפת צוזאַמען צו דער חופה — שטייט דער חתן אונטער דער חופה אין לייוונטענע קליידער, מיט אַ האַנפּענעם שטריק אויף די לענדן און מיט אַ וואַלד-שטעקן אין דער האַנט ...

און מען פירט אַרום אים די כלה אין וואָכנדיקע קליידער, שלא לבייש את החתן... און ר׳ חייא שטייט און שעפּט נחת און וויינט.

און אַז ער וויל פּאָרזאָגן דעם חתן „הרי את"—פרעגט ער:

— וואָס טייטש?

און ר׳ חייא גייט-צו און פּאַרטייטשט אים וואָרט ביי וואָרט...
און אַזוי פּאַרטייטשט ער אים די ברכות און די כתובה...

גאַפט מען.

נאָר אַז ר׳ חייא טוט אַזוי, מן הסתם ווייסט ער, וואָס ער טוט...

נאָך מער געגאַפט האָט מען איבער דעם, וואָס דער חתן האָט קיין וואָרט תורה נישט געזאָגט, אַפילו נישט ביי דער סעודה, און מען האָט דעריבער נישט אויסגערופן קיין דרשה-געשאַנק, אַפילו נישט פון כלה׳ס צד...

און די שבע ברכות—עס איז געווען זומער-צייט—זענען אין גאָרטן געווען... אויף דער מיטעלער ברייטער אַלע זענען געשטאַנען טישן פאַר זכרים באַזונדער, און פאַר ווייבער באַזונדער, און די כלה איז געזעסן ווי אַן אָרעמע כלה צווישן רייכע געסט; און דער חתן איז געזעסן ווי אַ שטומער צווישן אַלע למדנים און רבנים, וואָס האָבן גע׳דרש׳נט און גערעדט תורה, און איבער אַלע — ר׳ חייא...

און ר׳ חייא, צי ער אַליין האָט געזאָגט, צי אַנדערע, איז אַלץ געזעסן אומרוהיק, און האָט עפּעס געזוכט אַרום און אַרום מיט די אויגן אויף דער ערד. צי האָט ער נישט הרטה אויפ׳ן שידוך? חס ושלום! ער זוכט נאָר מיט די אויגן די פרעמדע שלאַנג, און זעט, ווי דער „עכנאי״ דרייט זיך אַרום שטילערהייט צווישן די געסט, פון קיינעם נישט געזען, און לאָזט קיין אויג נישט אַראָפּ פון זיין קרבן — פון חתן חנניא...

און אין אָוונט, נאָך די לעצטע שבע ברכות, האָט ר׳ חייא צוגערופן די טאָכטער און האָט איהר געזאָגט מיט אַ משונה׳דיק קול:

— טאָכטער, מאָרגן איז דער יום הדין. שטאַרק זיך!

— איך בין שטאַרק! — ענטפערט דאָס יונגע ווייבל, — איך בין געבענטשט פון גאָט! און — גיט זי צו מיט בטחון — איך וועל אים אויסלייזן פון טויט...

— זאָל דיר גאָט העלפן! ווינטשט איר ר׳ חייא מיט הייסע טרערן.

— נאָר געדענק, — זאָגט זי, — טאַטעשי, אַז מאָרגן דאַרף פריער זיין דער נס! — דער שטעקן דאַרף בליען. זיין נשמה אויך! ער דאַרף זאָגן פאַר דיר אַ חילוק! קום צו אונז, טאַטעשי, גאַנץ פרי, פאַרשלאָף נישט!

טראַכט ער: צי וועל איך דען שלאָפן? און הויך זאָגט ער איר צו.

און צומאָרגנס, אַז ר׳ חייא איז געקומען צום פּאָר־פאָלק, איז שוין מרים געווען אָנגעטון. נאָר חנניא איז נאָך געלעגן אין בעט.

— זייט מיר מוחל, שווער, — זאָגט ער, — איך פיל מיך נישט בקו הבריאה... — און ער פאַרמאַכט צוריק די אויגן.

קוקט ר׳ חייא אויפ׳ן ווייסן שטעקן, וואָס שטייט חנניא׳ן צוקאָפּנס, גלויבט ער זיינע אויגן נישט — דער שטעקן באַדעקט זיך מיט אַ גרינער הויט, די הויט — ווערט אָנגעדראָלן מיט אָד־

לערלעך, באַדעקט זיך מיט קנאָספּן און הייבט אָן בליען... ווייל ער זיך אויפהייבן און נעגטער זיך צוקוקן צום נס. דערזעט ער אָבער, ווי חנניא׳ס פּנים פאַרענדערט זיך, רייטלט זיך, און ער עפנט־אויף אַ פּאָר שטילע, קלאָרע, געבענטשטע אויגן, אָן אַ צייכן פון אַ קללה. — קוקט ער און גאַפט, זוכט ער מיט די אויגן די טאָכטער, צי זי זעט, — איז אָבער מרים׳ל שוין נעלם געוואָרן. און דערווייל עפנט חנניא די לעפצן און הויבט אָן דרש׳נען, און ר׳ חייא הערט און פאַרגעסט אָן אַלעם: אָן נס פון שטעקן, אָן דער טאָכטער, אָן „עכנאי״ — דעם שליח פון מלאך המות; פּערל שיטן זיך חנניא׳ן פון מויל: תורה און סתרי תורה. און ער עפנט פאַר ר׳ חייא׳ן די טויערן פון אַ נייעם עולם התורה — אַ וואונדערלעכער גאָרטן — אַ גן־עדן מיט׳ן עץ הדעת, מיט׳ן עץ החיים, און אַלערליי אַנדערע פּירות, און די ריינע ליכט פון שבעת הימים באַשיינט אַלץ און באַשיט מיט ריין גינגאָלד, און אַלע ביימער בליען, און מחנות פייגל זינגען צווישן די בלעטער און פּירות אויף די צווייגן — און עס בליט, און שפּראָצט, און זינגט, און שפּילט... חנניא רעדט, און ר׳ חייא׳ן דאַכט זיך, אַז די נשמה פון דער וועלט רעדט! צי חלום׳ט ער נישט? ווייט אין ברייט עפנט ער די אויגן — די אויערן זאַפּן־איין וואונדערלעכע קולות. און מיט׳ן אָפּענעם מויל שלינגט חנניא די ווערטער פון די ליפּן אַראָפּ, און אַ הייליקער, שטילער נחת צעגייט זיך אים אין אַלע גלידער.

און מרים׳ל, אַזוי ווי זי האָט דערזען, ווי דער שטעקן הייבט אָן בליען, און דער פאָטער, ר׳ חייא, איז פאַרקוקט אויפ׳ן שטעקן, האָט זי געכאַפּט דעם מאַנ׳ס לייוונטענע מלבושים און איז פון שטוב אַרויס... שטיל און לייכט גייט זי אַרויס פון חדר, דער דיוואַן זאַפּט איין זיך איין אירע לייכטע טריט... און זי לויפט איבער אַלע חדרים ביז צום לעצטן חדר, פאַר דער פאָדער־שטוב... קיין שום בן־אדם טרעפט זי נישט איבער׳ן וועג. זי האָט נאָך נעכטן אָנגעזאָגט, עס זאָל זיך דאָ קיינער נישט באַווייזן, ביז זי

וועט רופן. און אַז זי קוקט זיך אום און זעט, אַז זי איז אַליין, וואַרפט זי פון זיך אַראָפּ אירע קליידער, און כאַפּט אויף זיך דעם מאַנ׳ס לייוונטענע מלבושים, און לויפט־צו און עפנט די טיר און זעצט זיך אויף דער שוועל פון פאָדער־שטוב אין גאָרטן אַריין, אַזוי זיצט זי אַ ווײַלע שטיל און קוקט אויף די אַלעע, וואָס ציט זיך פון דער הויז־טיר, ווייט, ווייט און ווערט פאַרלוירן צווישן די אָלעאַנדער־ביימער...

און אירע ליפּן שעפּטשען תּפילות ותחנונים צום בורא עולם, ער זאָל אָננעמען איר קרבן; און אַז זי דערזעט, ווי דער „עכנאַי" וויקלט זיך אָפּ פון אָלעאַנדער־בוים און לאָזט זיך איבער׳ן וועג נעמט זי געשווינט און פאַרשטעלט זיך דאָס פּנים מיט די הענט, זעט זי אויס כּהויה ווי דער מאַן חנניא. און לאָזן לאָזט זי נאָר איבער אַ דין שפּעלטל צווישן די פינגער, און קוקט, ווי די שלאַנג רוקט זיך און רוקט זיך... און דער „עכנאַי" רוקט זיך פּאַמעלעך, בנעימות, נאָר זיכער. ער ווייסט, אַז דער קרבן וועט אים נישט אַנטרינען! — און אַז ער דערזעט חנניא׳ן (אַזוי מיינט ער), ווי ער זיצט זיך רוהיק אויף דער שוועל, דאָס פּנים פאַרשטעלט, טראַכט ער: דער קרבן זיצט שטיל און דאָס האַרץ זאָגט אים שלעכטע נביאות... און ער איז מתפּלל, אָדער ער זאָגט ווידוי... שטעקט ער דאָס גיפט־קעפּעלע פון מויל אַרויס און האַלט עס גרייט, דאָס כּלי זיין! און מרים׳ל זעט עס, און זעט, ווי דער „עכנאַי" הייבט זיך אָן שטאַרקער צו רוקן; די תּאווה פון אַ שלאַנג צו ביסן האָט זיך אין אים דערוועקט; און זי הערט שוין דאָס רייבן מיט׳ן בויך איבער׳ן זאַמד און זיין סאַפּען... און אַז ער קומט נאָנט, און זיינע הויט־פלעקן זעען זיך שוין קלאָר, פאַרמאַכט מרים׳ל דאָס דינע שפּעלטל פון צווישן די פינגער, און בעט אין שטילן האַרץ אָן אָטעם: — „רבונו של עולם, נעם אָן מיין קרבן"... און הייבט אָן ווידוי זאָגן... שטיל, אָן אָטעם, אָן אַ ציטער מיט די ליפּן... נאָר איידער זי ענדיקט ווידוי, דערפילט זי דעם ביס... און פאַלט אַרונ־

טער אויף דער שוועל און הייבט אָן גוסס'ן, און די נשמה שיידט זיך אָפּ מיט גרויס יסורים פון יונגן גוף.

---

און אַז די נשמה מרים'לס איז אַרויף אויפ'ן הימל, האָט מען געוואַרט אויף איר, דאָס הייסט: אויף חנניא'ס נשמה... צדיקים זענען פון גן־עדן אַרויס!

און אַז מען פירט זי צום בית־דין, גיט מען זי אַ פרעג, — אַבי מקיים צו זיין דעם מנהג, ווייסן ווייסט מען דאָך:

— עסקת באמונה?

ענטפערט מרימ'ל:

— איך האָב קיינמאָל נישט געהאַנדלט — —

— האָסטו געלערנט תורה?

צעשמייכלט זי זיך מיט אַ חן:

— רבונו של עולם, האָסטו דען געהייסן, יִדישע טעכטער זאָלן לערנען דיין תורה?

ווערט אַ גערודער.

— ווער ביזטו? ווער ביזטו?

זאָגט זי: מרים בת שרה וחייא, אשת חנניא!

ווערט אַ רעש... דערגייט מען, אַז זי האָט זיך עס פאַר איר מאַן מוסר נפש געווען! אַז „עכנאי" האָט זיך געלאָזט נאַרן, שרייט מען צו דער נשמה:

— גיי, לויף געשווינט צוריק אַראָפּ, גיי צוריק אין דיין גוף אַריין, איידער מען רירט אים פון אָרט!

וויל זי נישט, מרימ'ל! צוויי מאָל ליידן יסורי מות — זאָגט זי — איז קיינער נישט מחויב... נייערט, — שטעלט זי אַ תנאי — אַז מען וועט אָננעמען איר טויט פאַר חנניא'ס טויט! ער זאָל לעבן!

ווערט אַ געשריי אין פמליא של מעלה:

— מסכים! מסכים! — מען האָט מורא צו פאַרשפּעטיקן!...
און מרימ'ל'ס נשמה קומט תוך כדי דבור צוריק אין גוף אַריין, און זי הייבט זיך אויף אפילו אויסגעהיילט פון וואונד, כּלא היה, און זי לויפט אריין מיט גרויס שמחה, און דערציילט זיי, וואָס מיט איר האָט געטראָפן. און באותו הרגע זענען אָנגעקומען צוויי משולחים מיט צוויי בריוו, איינער פון דעם ראש-ישיבה אין ירושלים, און דער צווייטער פון נשיא פון בבל, און איןביידע בריוו איז מער נישט געשטאַנען ווי איין וואָרט:
— מזל טוב!...

## פאַרטייטשונג פון די העברעאישע ווערטער.

געשמ'ט — באַרימט געוועזן.
אבנים טובות ומרגליות — טייערע שטיינער און פערלען.
יפה-פיה — שיינהייט.
לב טוב — גוט האַרץ. מזג טוב — גוטער כאַראַקטער.
על התורה ועל העבודה — לערנען און גאָט דינען.
נפטר געוואָרן — געשטאָרבן.
עסקים — געשעפטן. נסיעות — רייזעס. מדינות — לענדער.
ביטול תורה — נישט לערנען, פאַרברענגען די צייט אין וועלטליכע זאַכן.
חדר מיוחד — בעזונדער צימער. ביחידות — איינער אַליין.
עוסק געוועזן בתורה — זיך פאַרנומען מיט'ן לערנען.
חכמת הרפואה — מעדיצין.
שיחת חיות ועופות — שפראַך פון חיות און פייגל.
אין לשער ואין לספר — גאָר נישט פאָרצושטעלן זיך און גאָר נישט צו שילדערן.
בכל מקום בואו — וואו ער איז נאָר געקומען.
מפריש געוועזן — אַראָפּגענומען, אָפּגעלעגט.

מעשר־עני — אַ צענט־חלק פאַר אָרימעלייט.
פדיון שבויים — אויסלייזונג פון געפאַנגענע.
נושא חן געווען — אויסגענומען, געפעלן.
לכל היוצא מפיו — אַלץ וואָס גערט אַרויס פון זיין מויל.
מליץ יושר — פאַרטיידיגער.
על כל צרה שלא תבוא — אויף יעדן אומגליקליכן פאַל.
מלקות — שמיץ, לייב־שטראָף.
מהלך בדרך — רייזנדער, אַרומפאָרער.
ממלא מקומו זיין — אויף זיין אָרט, פאַרטרעטן.
אשת־חיל — אַ גרויסע ווירטין, אַ פרוי אַנ׳אויפטוערין.
מגדל זיין — דערציהען.
מדריך זיין — פירן, אין גוטע וועגן.
לחוץ לארץ — קיין אויסלאַנד.
מקבל זיין — אויפנעמען.
בסבר פנים יפות — ליבליך, פריינטליך.
מקוים ווערן — זיך פאַרווירקליכן.
מניעות — שטערונגען.
גובר געווען — בייגעקומען.
יציאת־נשמה — דאָס אויסגיין פון דער נשמה, די לעצטע מינוטן פון לעבן.
מבטיח זיין — צוזאָגן.
ישוב הדעת — באַקלערן זיך.
חדר מפואר — אויסגעפוצט צימער.
מפרנס געווען — געגעבן עסן, אויסגעהאַלטן.
בעין יפה — גערן, פאַרגינענדיג.
מלביש ומנעיל זיין — קליידן און שוכן.
לפי כבודו ומעלתו — ווי עס פאַסט פאַר אים.
כלי יקר — אַ טייערע כלי.
פגם — פעלער, דעפעקט.
עניוות — באַשיידנהייט.
מטייל זיין — שפאַצירן
טועם זיין — פאַרזוכן
נהנה זיין — געניסן, הנאה האָבן.

בעל פה — אויסענווייניק, אויפ'ן זכרון.
מתבודד זיין — זיין אַליין, איינזאַם, דעוויייטערן זיך פון מענטשן.
חיתוך הדיבור — אויסשפּראַך, שפּראַך.
עצבות — טרויער, פאַרזאָרגטקייט.
מקטרג זיין — רעדן שלעכטס, באַרעדן.
קמח = סולת — זעמעל = מעל, „דער פיינסטער".
רושם — איינדרוק.
תופס — באַגרייפט.
בשמים — געווירצן.
דריסת=הרגל — צוטריט. האָבן אַ דריסת הרגל — זיין אַן איינגייהער.
מוסר זיין — איבערגעבן.
השגחה — אויפזיכט.
אברים — גלידער.
נכשל ווערן — דורכפאַלן, געשטרויכלט ווערן.
גאוה — שטאָלץ.
נצחון — אַמביציע, זיג.
שבעה רקיעים — זיבן הימלען.
דרך השקר — פאַלשען וועג.
מבייש זיין — פאַרשעמען.
מעשה ילדות — קינדעריי.
אשפה — מיסט.
מעניש זיין — באַשטראָפן.
סתירה — איינוואַרפן, צעשטערן.
בנין — בויען.
מציל זיין — ראַטעווען.
רע לב — א שלעכטער כאַראַקטער, אַ שלעכטער מענטש.
אשה צנועה — פרומע שטילע פרוי.
מתעסק זיין — פאַרנעמען זיך.
הפלא ופלא — וואונדער איבער וואונדער.
מהנה זיין — צופרידנשטעלן, לאָזן געניסן.
מבזבז זיין — אויסברענגען, פאַרשווענדן.
מפתח ביתה — איבער'ן שוועל, פון שטוב אַרויס.

תאוה — לוסט.
מלא חמה — צעקאָכט, צאָרנדיג.
צידה לדרך — שפייז אויפ׳ן וועג.
באר מים חיים — אַ וואַסער־קוואַל.
מגביל — באַשטימט אַ טערמין
שם — אַ נאָמען; באַקומען אַ שם — באַקאַנט ווערן.
הילולא — חתונה.
נסיון — פּרואוו.
חולשות־הדעת — צעמישטקייט.
באותו הרגע — אין דערזעלבער מינוט.
פועל׳ן — ווירקען, אויספירן.
דורס׳ן — צעטרעטן, דערהרג׳ענען.
הולך — קליידונג, אָנטועכטס.
כהרף עין — אין איין מאָמענט.
נחשים ועקרבים — שלאַנגען און עקדעשן.
בחזקת סכנה — אין געפאַר.
אריכת ימים — לאַנג לעבן.
מעשה נערות — שטיפעריי.
מרוצה — איינשטימיג.
תוך — אינהאַלט.
תוך כדי דיבור — אין דער מינוט, נאָך נישט באַוויזן צו ענדיקן די ווערטער.
חייב־מיתה — פאַראורטיילט צום טויט.
לעולם ועד — אויף אימער און אייביג.
כפרת עוון — אַ פאַרגעבונג פון דער זינד.
חסד — גנאָד. בטחון — האָפנונג אויף גאָט׳ס חסד.
חולשת־הלב — שוואַכקייט פון האַרץ, פיזישע שוואַכקייט.
בשעת פטירה — בעת׳ן שטאַרבן.
כהאי לישנא — אָט מיט די ווערטער:
גוזר זיין — באַפעלן.
גזר דין — האַרבער אורטייל.
פחד — שרעק
משונה׳דיג — אויסטערליש.
בקו הבריאה — מיט אַלעמען, ביים געזונט.
כהוויה — פונקט, אַקוראַט.
פמליא של מעלה — הימלישע ספערן.